אליעזר אַראָנאָווסקי

# קובנאַער לידער

I קובנאַ.

II ליריק.

III אויף ליטווישע וועגן.

אַרויסגעגעבן פון רעדאַקציע „אויפגאַנג"

האַוואַנאַ — 1928

מיין הארציקסטן דאנק פאר מיין פריינט און חבר חיים בערניקער, וועלכער האָט מיר פיל מיטגעהאלפן אין דער אַרויסגעבונג פון דעם ערשטן אידישן בוך אין קובא.

און אויף וויפל מיינע לידער וועלן געבן מאמענטן פון גייסטיקער פרייד און צער, פון קעמפערישן מוט און גלויבן פאר די וועלכע וועלן זיי לייענען, — דארפן זיי דאנקען נישט מיר נאר די פריינט און חברים, וועלכע האבן מיטגעהאלפן זייער ערשיינונג אין א בוך־פארם, און דעם גרעסטן דאנק געהערט מיין נשמה׳יקן חבר חיים.

**א. א.**

צום ליכטיקן אָנדיינק דעם טאטן,
אַ יונגער דער וועלט האָט פאַרלאָזן.
און מיט הייליקער ליבע דער מאמען,
פארביינקט אין אַ פוילישער שטעטל.
ווידמע איך מיינע האַרציקע לידער.

# הימן פאַר קובאַ.



ווי זאָל איך דיר מיין קובא ניט באַזינגען?
ווי זאָל איך דיר, האוואנא, ניט פאַרשטיין?
ווען פאַרבן, קלאַנגען, טעג און נעכט פאַרקלינגען;
צוויבערן מיט פרילינג׳דיקן חן.

ס׳האט ים סעקונדע ניט פאַרשלאָסן זיינע ליפּן;
פּליושקעט קושן אויס דעם פּעלזיק גרויען ברעג,
און שטראַלן זוניקע באַגלייטן ווייטע שיפּן,
אויף כוואַליעס פלאמיקע אין פּערלדיקן וועג.

בערג פאַרפאַלמעטע שפּילן הויכקייטס־זמר,
אונטער שטערן-ווימל פון אַ נאַכט אַ ווייס,
ווען לבנה שמייכלט אין אַ כשוף שימער
דורך אַ דינע הילע אין אַ שטילן שפּרייז.

שפּראָצט באַגינען אויף אין רויטן אויפגעטרויממט;
לאָזן טויבן זיך מיט פויגל צו דער תּפלה,
גליט פאַרנאַכט אין פלאמען אויפגעשוימט;
טאַנצן הערצער אויף אין מענשן מידע, שטילע.

הוליען קינדער, שוואַרצע, ווייסע אויף די דעכער,
און די שקיעה, מיט אַ ווינטל אין געשפּיל;
שפּרינגען פריידן - טענער קינדערשע נאָך העכער
און צעשפּריצן טליאיק פונקען פון געפּיל.

זעצן מענשן זיך נאָך אַרבּעטס טאָג פאַרשוואַרצט,
בּיי די בּיסל רייז מיט׳ן דאַרן בּרויט,
דאָך ווערט אויפגעלויכטן יעדער טיף באהארצט
ווען דער דרויסן טונקלט, דעמערט רויט.

ס׳איז אין קובּא דאָ אַ ליכטיקייט וואָס זיסט
אין די גאַליקסטע, פאַרפּייניקסטע מינוטן.
און וויפל טרויער, יאוש דו באַזיצט
אויסגעבּיטן ווערט אויף זינגעדיקע בלוטן.

ס׳צעגיסן זיך די כּטרונעס אין דעם קלעם,
עס צעווינטלען זיך די בּערגעדיקע טענער,
ווערט צעשמאָלצן ערדיש פּיין אין הימל פּלעם,
און קובּא—אויסגעלייטערט שטערנט שענער.

# קובאַ.

האוואנא—מיין קינדערשער פּנים!
קובאַ—מיין ליבטיקע קינד!
ים—די בלוינקע וויגל,
זון—די מאַמע וואס שפּינט.

שפּינט זון גרין־גילדערנע פעדים
פון פּאַלמעלאַך־וועלדער באצירט;
שמייכלט קינד־קובאַ אין וויגל
מיט בערג אין טרוימען געוירט.

זינגט מאַמע אַ כשופ׳דיק לידל—
מיט פייגל, אינזעקטן און גרילן—
אין וויטן און נאָענטן צעשטראַלט,
איז קינד זיך מחיה׳ק צו שפּילן.

פון אָוונטיק דרימל ביז מארגשיין-טשוכע
כוואַליעט אומענדלעכער ניגון;
פון פאַרבן, קלאַנגען—אַ ווילד זאַווערוכע—
איבער בערג אין רוימען געשטיגן.

בליט נאַכט אויף אין שטערנישן צויבער,
שלאָפט קינד אַיין אין לבנה׳קע - העל;
וויגט שטאַרקער זיך ים׳יקע וויגל,
ביז מאַמע וואַכט אויפעט אין קוועל.

קינד דו, מיין שיינינקע קובאַ,
מיט ווייסינקן, יונגן געזיכט;
מיין העלע פאַרטרוימטע האוואנא,
דיין מזל איז אייביקע ליכט!

מאמע - זון קאָרמעט דיר צוקער,
און צענדליקער זאפטיקע פרוכטן,
פלאַטאַנעס, מאַנגעס, נאַראַנכעס,
און טאַבאַק, גן - עדן׳דיק דופטן.

דיין שטערן וועט קיינמאָל זיך לעשן!
ווי לאנג נאָר דיר זונען פאַרשיינען —
אין אייביקע פרילינגען שפּראָצן,
קובאַ! ניט הערבסטיקן, פיינען.

# זאַוועררוכעט.

זאַוועררוכעט אין די פּראָסטיק - אַייזיק לענדער,
איך בין גליקלאך אין מיין פרילינגדיקן איצט!
קובא ווייס ניט פון קיין וועלקנדיקע שעה׳ן,
אייביק חעל-צעזונט, בעבלומט, צעבליצט.

טאַנצן באָרוועסע די קינדער איבער דעכער,
דין העמ־עלע מיט ווינטעלע אין שפיל;
ס׳איז מחיה׳דיק די לויטערקייט צעגאַסן,
טריפט מיט פרייד אין יעדערנס געפיל.

פרירן לענדער אין חושכ׳דיק געקלעם,
ציטערט סטרונע אין טרויעריק געמיט;
מרה-שחורה׳ן יונגע בליענדיקע לעבנס,
וואָיעט אומעט אום אויף יעדן שריט און טריט.

זיינען פריילאכע מיר אלע דאָ אין קובא,
אונזער טרויער ווערט פון דרויסן העל געטרייכט;
זיי געבענטשט, דו לויכטנדיקער אייביק,
דו צויבערדיק גירלאנדע, זיי געגרויסט...

# האוואנא.

האוואנא, אָ, איך ליבּ דיך!
נישט די ליכטיקע פּאַלאַצן
וואָס פּוסטעווען פאַר איינעם,
נאָר די יענע אָרעמע הייזלאך
פון דיינע אויסגעדארטע בויער
אונטער בּראָטנדיקע זונען.
די אין לאכעס און אין לאטעס
פינסטערן אין זוניק טען אויס,
אונטער אויביק בלויע הימלען
זייער נאַכטיק—חושך לעבּן—
אָט די צענויפגעדריקטע מאַסע
אין שווארצע קאסטנס איינגעזשייערט,
אַכט גאמאקן אין איין צימער.
—שורות אָנגעצייגן נאכטן
אין פאַרדומפּענעם געשטיק.

דיר, האוואנא, ליבּ איך, פיל איך!
וואו אַ קורניקל אַ שווארצער
קאָפּטשעט, קאָפּטשעט אויס אַפּלעמל
אין דעם שפּינוועבּסדיקן נעכט;

און אין מיטן שטייט אַ קאסטן
וואו ארום אויף קליינע קעסטלאך
זיצן מענשן, ווי די שאָטנס,
ארום אַ גרויסע פולע שיסל
און אלע עסן זיי ווי ברידער,
מיט די ווייסע, לאנגע ברויטן,
און אַ גריל שפּילט אויף צום עסן
מיטן טאנץ פון זייערע שאָטנס,
אויף די כמורנעדיקע ווענט.

אָ, האוואנא, מיין געליבטע!
אייביק ערשטע פרילינג שעה!
דו, העל צויבערין בעקרוינטע,
פון פּאַלמעדיקע גרינע וועלדער,
וואו פייגל שאפן אייביק לידער,
און די בערגער גרינען—שירה,
און דער ים פאַרפלייצט מיט קושן
דיינע פעלזיק שטאָלצע טריט;
מיט די פלאמיקע פאַרנאַכטן
און די פייערדיקע מאָרגנס,
מיט די טיפע זינגיק שטערן
פון דיינע טרוימערישע נעכט.

אָ, געליבטע, מיין האוואנא!
מיט אלע פעלקער, אלע ראַסן

וואָס צעגיסן זיך אין דיר,
און מיט די שוועסטער, ברידער מיינע
—פון ווילדע שטורעמס דאָ פאַרוואָרפן
אין דיין גרינעם יוגנט־שויס.
וועלכע וואָרצלען זיך אַיין טיף,
קעמפנדיק אין הונגער, נויט
מיט הערצער פולע שטראָמען האָפן
אין דיין מאָרגן ־ רויט וואָס בליט.

דיר, האוואנא, מיט אלע פאַרקן, גאַסן, געסלאך
וואו ס'בלענדן דיינע פרויען
מיט די שוואַנענדיקע גלידער
אין עלאַסטישן געדריי,
און מיט די פלאַכע ווייסע דעכער,
וואו ס'שפילן זיך די קינדער
אין פאַרנאַכטיק צויבער גאנג,
מיט די נעגערלאַך די קליינע,
וואס טאנצן אַרום דער דאַרער מאַמע
מיט ווייסן רייז אין שוואַרצער הענטל
און פערל בלישטשעדיקע ציינדלאך,
ווי די שטערן אין דער נאַכט.

אָ, איך ליב זיי אלע, אלע!
וועלכע טראָגסט נאָר אין דיין שויס
ווי אַ מוטער אירע קינדער;

און איך—אַ קינד אויך דיינס, האוואנא,
דאָ פאַרוואָגלט בין געוואָרן
פון אַ ווייטע בלוטיק לאנד,—
פיל איך שוין דיין צאַרטע ליבע
צו אלע פרעמדע וואָגל קינדער...
און איך קוש דיך מיינס האוואנא,
אויביק פרילינגדיק געליבטע ! ! !

# אוראַגאַן.

שטיל, כודות׳דיק, לופט אָנגעצויגן.
קיין ווינטל, קיין הויך אין געריר;
ס׳האָט צייט אין זיך אַיינגעשלאָסן
אַ ריזיק צעיזכעטן טראַכט . . .
און הימלען מיט טרויער פאַרוואָלקנט;
ים׳ען בערג און טאָלן,
שטעט, גאַסן און מויערן,
מענטשן, חיות און פייגל,
אין שווייגיק געהילן פאַרשפונען
פאַר עפּעס אַ ציטער. . . ערוואַרטונג. . .

ס׳גימזשעט אַ דראָבנינקער רעגן . . .
שוואַכינקע קאַפּעלאך טריפּיק . . .
אַן אָוונט פאַר פינסטערע נאַכט;
ס׳האט טרויער אין וועלט זיך פארטייעט!
אומעטן כמורנע געדאַנקען,
פון יעדער אַ קלינגל, אַ קריטשע,
פאלן יאוש - טריב טענער,
וואָס בלאָנדזשען אין אימה׳קן חלל;

ציטערט אויך זעמדל און שטויבל
אין וועלטישע שרעקן פאַרשטומט.

♦ ♦
♦

ווער פייפט דאָס אין מיטן נאַכט דרויסן?
ס׳איז טייוול, חוליאַנקע מיט שטורעם
אַרויס אין אַ ווילדן צעטאַניץ;
מיט ווינטן אין שטיף זיך געלאָזן
און ים פאַר אַ חבר גענומען;
מיט וואָלקנס אין שטאָליק געהיל
פריי אין די גאסן זיך שפּילן
מיט מויערן, פּאַרקן און סטויבעס:
אַ שלעפּ!—און אַ מויער פאלט אום...
אַ דריי!—און בוימער צעקניטן . . .

ליגט מענטשל צעשראָקן, פאַרקניורעט,
צעציטערט אין פייניקן שרעק;
דרויסן קלייבט שטורעם אויף כאַטעס,
שויבן, דעכער און בלעכן,
טאנצט מיט זיי אין געווירבל
צום טאַקט פון אוראַגאַנישן שפּיל.
קנוילן ווי רויכן גרוי וועלן
אין נעדריי, אין געמאָל, אין געקער...

ים זיך אין שטעטל פאַרקליבן,
שמעטערט מיט ווינטיקן האסט.

קריכן שיפן אַרויס פון די ברעגעס
צעקוועטשטע אין הייליקן שלעפ,
טונקען זיך אנדערע צום גרונט;
ס׳פרעגלט אוראַגאַנישער אָטעם
אין בוזשע פון חורבן אויפזוד:
פליען בלעכן ווי פייגלען ווילדע,
ציגל ווי פליגל אין געזשום;
בוימער און פאַרקן צע׳כורעים׳ט,
מיט אימפעט פון ווינטישן האַסט
זיך טייכלאך אין גאסן צעשטעלט.

♦ ♦
♦

אַוועק איז ציקלאָן מיט זיין יום טוב
און חורבן פון שטאָט אונז געלאָזן:
ליגן בוימער—גרין מתים אלייעס,
פאַלמעס—קעפ קרוינען צעפליקט,
ווי מצבות נאָך וועלטישע ווייען.
העלערט אויפטשוכיקער אָוונט,
שווימען אויטאָס ווי לאָדקעס אין גאַסן,
אַרום און אַרום איז פאַרחורבנט!
הער איך, יאָמערן אָפענע וואונדן...
קלייב איך תפלות פון וואַרעמע—טויטע.

מיין בלומיקע שיינע האוואנא!
דו אייביקע, ליכטיקע, העלע,
מיט טרוימישע מאָרגנס און אָוונטס.
ווער האט אַ שוואַרץ קללה געוואָרפן
אויף דיין בלומיקן שטראַליק געזיכט
פון טשוביק באגיניקע פרייד?
און אשמדי פון הרי חושך געבראַכט,
מיט לילית און כיתות מחבלים?
אין בליאיקן שטילן גן עדן
ווער האט עס אַ גהינום צעפלעמט?

כ׳שטיי אויף די חורבות און קברים,
נאָך וואונדן בלוטיקע טריפן...
ס׳קריצט נאָך גלאָז אונטער טראָט...
נאָר ס׳קלינגט שוין דער זינגענדער האמער
פון אַרבעטערס בויענדע קראַפט!
אויף יעטווידער גרעזעלעס קבר
אַ בלימל אַ יונגער אויפשפּראָצן;
אויף יעדער כאַטקעלע, חורבה
אַ מויער, אַ פּאַלאַץ אויפבליען;
און דו, מיין פאַרוואונדעט האוואנא,
נאָך העלער אין מאָרגן, וועסט בליען!...

# איינזאַמער אויף סקאַלע.

אונטער דער שטיינערנער וואנט,
וואס שוועלט ביים פינסטערן ים
ליגט דאָרט אַן איינזאַמער שטיל
און הערט זיך צו וועלן גערויש
אויף סקאַליקע שאַרפן צעשטשירעט;
פון ווייטן ״וועדאַדאָ״ זי ווימלט
מיט פאַלאַצן פון נאַכטיקער רוה
און ער—אויפן שפּיזיקן פעלז
שפאַרט זיין מידע קאָפּ צו...

פליו, פליו, פליו! פליו-פליעט דער ים,
ער ווערגט זיך געפאַנגען אין סקאַל
און רייסט זיך און קען ניט אַרויס;
אַ וועל נאָך אַוועל אין געכוואַל
מיט צונגען געווייסטע פאָרויס
גריזשעט און כראָמסקעט דעם ברעג,
און הונגעריק פאלט דאָך אַ וועק
נאָך אלע די גריזשען אָן כוח
אין קאָנוואולסיקן ווילדן געיעג.

עס שליכט זיך ניט עלנטע אויג,
די וועלן זיי רודערן אום;
ער קאָרטשעט און בעט זיך אין וויי:
אַ ווײַלע ים נאָר ווער שטום!
זאָל איך אויך וויסן פון שלאָף,
ווי אלע אין הײַזער פון גליק;
און איז מיר ניט בעטל באַשערט,
זײַ דו מיר כקאַלע אַ בעט,
בײַם ברעג פון כוואַליען - געברום!

# דער פרעמדער.

בײם ראַנד פון פּאָרט
אויף גרויען שטײן,
אין מיטן נאַכט
ער זיצט אַלײן;
אַ טראַמוויי קלינגט
און וועקט אים אויף,
ער שווידערט קלערט:
וואו זאָל ער גײן?

קײן סענט ניטאָ,
די טאַש איז פּוסט;
קײן פרײנט,
קײן שפּראַך,
פרעמד פאַר אַלין . . .
די האַרץ, זי מאָנט
אַ ביס'ן ברויט
מיט טראָפּן זאַלץ.

אנטקעגן גלאָצט
די גרינע גאַל

פון גאַז פאָנאַר,—
מיט שאָטן שרעק;
אַ קעץ - געמיאַו
אין תאוה שפּיל,
באַגלייט מיט גריל,
זיך טראָגט פאַרביי.

אַ טעמפּער קלאַנג
פון שטאָל מיט שטיין...
אַוועק די לומפּ!
וואס טוסטו דאָ ?!
מ׳טאָרניט שלאָפן
אין דער נאַכט
אויף שטייניק גאַס,
פּאָליצמאַן יאָגט.

ער הויבט זיך אויף
מיט וויי און צער,
אַ גלאָקן קלאַנג
פון קלויסטער רייסט
פינף מוטנע כאָרכלען;
ער וויגט זיך הין
און וויגט זיך הער
אין יאוש קלער...

די נאַכט פאַרמעקט,
אַ טאָג זיך מאָלט
אויף גרויען גרונט
פון מזרח־בלי;
ס׳מורמלט אויף
דער אינדערפרי
פון מענשן יאָג
צום טאָגיק גלי.

זון שוין שפּרייזט
אויף בערגיק הויך,
דער קוימען רויכט
פון אַרבייטס שווייס;
אָ! וואָלט ער אויך
זיין בלוט געטיילט,
מיט אייזן ראָסט־
זיין האַרץ געשיילט.

ער וואָגלט אום
פון פאָרט צו פאָרט,
פון איין פאַבריק
צו צווייטער, גלייך;
קויפט אַ מענשן
ביליג, שפּאָט,
פאַר קרושקע ברויט
איר קויפט מיר אָפּ!...

ס׳דאָ נענוג,
מ׳דאַרף ניט מער!
פון אומעטום
דער ענטפער איז;
ס׳טונקלט אָוונטס
בלינדע שעה —
אין האַרצן שליינגט
אַ הונגער ביס...

שוין צווייטער טאג
אזוי אַוועק
אָ, ווען שוין קומט
צום לייד אן עק?
קיין קרושל ניט
באַרירט מיין ליפּ
נאָר וואַסער כליאָפּ
און זון מיר ברייט...

דער ים ער רופט
ער זאגט מיר צו:
פיש איז דאָ
אַ סאַך, אַ סאַך...
צו וואס זאל הונגערן
איך דאָ?
ווען ים האט פיש
אַ סאך אַ סאך...

אַ שפּרונג אין טיף
אַראָפּ, אָראָפּ...
אַ קרעכץ אין ים,
אַ כאָרכל שטיל...
ווער דאַרף די ערד
אין הונגער קלעם? —
ווען ים ער רופט
מיט פישן פיל...

# פישער לעבן.

לעם די בלויע לאָדנס
פון די גראַטע - פענסטער
וואו מ׳ווייס פון שויב ניט—
אָט אזוי געבויט איז
אלע כאטעס, הייזער
אין דער ליכטיק קובאַ—
זיצט פאַרטרויכט אַ מיידל,
דאָר ווי יונגע פאַלמע,
טונקל - לייב, ווי בערג
נאָך אַ זון פאַרגאַנג;
בייניק - לאנגע פינגער
צאפלען איר אין נעצן,
און זי זינגט זיך אונטער
אַ פארבייִנקטן לידל
פון אַ ים - געפאַנג...

פליושקען זיך די וועלן
אונטער זעגל - שיפל,
מיט אַ כוואטסקן פישער
וואס ער שטראַלט פון פריידן

וואַרפנדיק די בליקן
אויף די גרויסע שפּרינגער
אין דעם קאָש געפאַנג;
ס'האָט אַ טאָג געגאָלטן:
שטיק נאָך שטיק געקומען
און זיך אָנגעבאַטן:
נעם מיר אין דיין נעצל!
האָט ער איינס נאָך איינעם
אין דעם קאָש געוואָרפן,
און מיט פרייד צעבליטע
שווימט ער איצט אַ היים.

העלערט גרינער אָוונט
שפּראָצט אַרויס לבנה
פון די בערגער סקאַלעס
וועלכע זיננען שווייגיק
לעם דעם ראַשיק כוואַליעס,
ווערט אַ ים צעלויכטן!
יעדער טראָפּ לבנה'ט,
יעדער קאַפּ צעשטערנט,
וועלן—צויבער - פייער—
שפּילן זיך אין צינדן;
שפּריצן פונקען בלענדיק
אין געשטיף פון וואונדער,

און ס׳שפּרודלט ים־פרייד
אין אַרומיק כּישוף
פון אַ טראָפּיק טרוים.

ווער דאָרט שניידט די זילבער
מיט אַ ווייסן הלף?
טאַנצט אַרוים געשווינד זי,
שטעלט זיך אויף אַ סקאַלע
קוקט זי טיפער טיפער,
זעט זי נעענטער נעענטער,
דאס איז דאָך דער טאַטע!
מיט דעם ווייסן זעגל
אין דעם שטערן פרעגל
פון די פונקען־בלומען,
וואס דער גרינער אָוונט
אין דעם ים געוואָרפן
און זיי לעשן, צינדן
אָן אַן אויפהער מערער
אין דעם צאַפּל - גלי...

„בוענאס נאָטשעס״! הילכט עס
איבער וועלן מורמל,
מיט די הענט זי פלאַטערט
ווי מיט אַדלער־פליגל;

און ער רודערט: פלי פלי...
ביי דעם ברעג, דער פּאָטער
קושט זיך מיט דער טאָכטער,
ווי דער ים מיט סקאַלע;
טאַנציק קומט צעלויפן
ווי אַ וואַל אַ דריטע,
אויך די ליבע מאַמע;
און ס'פּליושקען קושן
פון צע'ים'טע הערצער,
אין די פריידן רגע'ס
אויף די פעלזיק ברעגעס...

דעם נעץ אַרויסגעצויגן
מיט אַ קאָש אַ פולן.
און די שיפל רוט זיך
אויף דעם ברעג געבויגן
מיטן דעק אַ רויפּצו,
פּערלט טראָפּנס זילבער
נאָך פון ים גע'גנבה'ט;
טראָגן זיי ויך בייגיק
פון דער שווערער משא
פול מיט ליבע מי;
צאַפּלען זיסע שווייסן
ווי אין דער הויך די שטערן,

באלד וועט ליכטיק ווערן
אין דעם קליינעם הייזל,
און געזאַנג זיך הערן ! ...

אָנגעצונדן לעמפּל
זעצט מען זיך ביים טישל,
און ס׳גייט אַ פּאַרע...
זעט זיך ניט די מאמע
ווי זי טראָגט אַ שיסל
מיט פאַרכאַפּטן אָטעם—
פון די זיסע ריחות
איינגעבראָטן ברוינע
פלאַטעגעס, געפּרעגלט
מיט די פלייש און זופּ
און „אַביאקאָ״ רייצנד— ;
גיסט מען אין די טעלערס,
טאנצן, קלינגען לעפלען,
שפּרינגען גאָפּלען, מעסערס
אין דעם היימיש גליק...

# קאַמפּ לעבּן.

די װענטלאַך—פון פלאַטענע קאָרע,
פון פּאַלמען בּלעטער—דער דאַך;
און דיל—פון ערד אויסגעקנאָטן,
אַזוי שטייען כּאַטקעס אַ סך.

אַ פענצטער—אַ גריבל אין װענטל,
אַ טירל, אַ בּלויאינקע בּרעט;
אַ בּײנקל, אַ קעסטל, אַ טישל—
די גאַנציקע מעבּל איר זעט.

און פרײלאך אין הײזל איז שטענדיק,
קינדערלאַך קװיטשען אין טומל;
בּאָרװעסע, נאַקעטע, שפּרינגען
און שטיפן אין אײנגן גערומל.

דער טאַטע פון שנײדן די קאַניע,
פאַרמאַטערט אין אָװנט קומט מיד;
רינגלען אַרום אים די קינדער,
פאַרזשומען װי בּינען זײן טריט.

די מאַמע – נאָר קאָכן און וואַשן
זעט מען איר שטענדיק אָן רו;
אַמאָל אויך אַ העמדל, אַ זעקל
פאַרשטריקט זי און לאַטעט עס צו.

זעצט מען זיך אַלע צום עסן,
קלינגען די טעלערס פון פרייד;
ווי שנייעלאַך קלאָרינקע רייז,
פון לעפל אין מיילכעלע שנייט.

זינגען די ציינדעלאַך שטילע,
אַ זעטיקן „זמר״ אין קיי;
גליטשן זיך פלאַטענעס קילע
פון ציינדל צו צינגעלע פריי...

פון דרויסן באַגלייטן זיי טענער
צום מאָלצייט פון הייליקער מי;
פאַרוויגן אין זיסענקן שלאָפן
און וועקן צו מאָרגן אויף פרי.

און ווייטער די זעלביקע ארבעט,
זיך בראָטן אַ טאָג אונטער זון;
אַ מאַמען מיט קליינטשינקע קינדער
קאָרמענען, קליידן דערפון...

# גואַכּירא.

איבּער זינגענדיקע פעלדער
אויף אַ יונגן, שלאַנקן שימל
טראָגט זיך פלינק, פארבּרוינט אַ רייטער
אונטער העל - צעזונטן הימל.

אויפן קאָפּ אַ גרוי „טיכאנאָ״,
ווייסע העמדל אויף די פּלייצעס;
הויזן בּלויע אין די גּעטרעס
פיס אין שפּאָרן, הענט מיט לייצעס

בּיי די זייטן פון דעם זאָטל
היינגען גרויע פּאַלמען קערבּלאך;
צאַפּלען הינער, קאַטשקעס, הענדלאך,
פליושקעט מילך זיך אין די קענדלאך

אויפן גאַרטל אַ מאַטשעטע
בּאָמבּלט נאָך צום טאקט פון טראָט;
צעפּלעכט דער פערדל זיינע טריט
אין דעם וועג פון קאַמפּ צום שטאָט

קנוילן פעלדער זיך אין פעלדער
רייפע קאַניעס פול בעזאפט,
דורך די זיסקייט פון די טיפן
אין דער מאמע - ערד פאַרשקלאפט.

פלאַצט אין מיטן אויף אַ טייכל
שטעלט דער שימל זיך צו טרינקען;
און אין הארצן ביים „גואַכיראָ"
הויבט אַ טייכל אָן צו זינגען.

פליושקען טענער אויף פון טרוימען,
ס'קומט די „סאַפרע" צייט די גוטע!
און פארטרייבן וועט דעם דחקות
פון דער שלעכטער צייט, בארוטע.

מיט דעם „גוואמפערע" וועל שניידן
און וועל זינגען אין דעם פאלן;
ווען די קאַניעס וועלן קרעכצן
וועלן ליה'ער זיך צעשאלן!

# היינט איז אויף פעלדער
# אַ יום־טוב.

היינט איז אויף פעלדער אַ יום טוב,
ס׳פלאַטערט די קאַניע אין איר פראַכט;
געוואָקסן, געצייטיקט, דערוואָקסן,
אין פולן זי זינגענדיק קראַכט.

זי גייט אין מאשינען אָפּגעבן
איר אוצר—דאָס ביסעלע זאפט;
זאָלן מענשן דאָרט פרייליכע לעבן
און בענטשן איר צוקערדיק קראַפט.

אין בלי פון איר ערשטן באגינען
גע׳חלומ׳ט האט זי שוין פון דעם;
אַ מאָל, ווען זי גרעסער וועט ווערן
פאַרזיכן דעם גאליקן קלעם.

און איצט איז מקוים געוואָרן
דער טרוים פון איר רייפיקער צייט;

אַ זילבערנער שאַרף האָט פאַרבלענדעט
אַרום אין די פעלדער און שניידט.

היינט איז אויף פעלדער אַ יום־טוב
ס׳פלאַטערן קאַניעס אין פראַכט;
געוואַקסן ביז ענדליך דערוואַקסן
און רייפע—די גוואַמפּערע קראַכט.

# מיילן פלאַמען אין דער נאַכט.

מיילן פלאַמען אין דער נאַכט
שטרעקעס פאַקלדיקע טאנצן;
קובא יום־טוב׳ט אין דעם שניט,
ווען די קאַניע פעלדער גלאַנצן;

ליכטער ברענען אָן אַ שיר,
און כע קנוילן זיך די רויכן
פון דעם ערדישן געציר
צו די הימל - ראָזע הויכן.

פונקען שפריצן אין דער לופט
און פאַרגייען אין געפלי;
יעדער פלעמעלע דיר רופט
אין דעם שרפה׳קן געפלי.

הייליק, ערלאך ווי אַ תפלה
פון דער ערד אַרויס צום הימל;
ציען פייערלאך זיך שטילע
צו דעם שטערנישן געווימל.

און ס׳פילט זיך ניט קיין נאַכט,
כאָטש קיין טאָג איז אויך ניטאָ;
אַ פריידיק לויטערקייט בעוואַכט
יעדער ברענענדיקע שעה.

לייכטן נעכט אין היילע פלאמען
אַלע פעלדער אָנגעצונדן;
ס׳האט די ערד זיך מיטן הימל
פייערדיק צעגויפגעבונדן.

ציען צונגען זיך אלץ העכער
פלינקער, ווייטער צו דערגרייכן;
מיט די לידער פון די טיפן
פאַר די זינגענדיקע הויכן.

און סע קנוילן זיך די קלאַנגען
פון דער הארץ אַרויס מיט פרייד;
אין דעם פייערדיקן אחדות
וואָס פון ערד און הימל ווייס.

# נעכט פון אָריענטע.

נעכט פון אָריענטע:
ים'ען פון זילבער
אויף זינגענדע פעלדער,
אויף פּאַלמעשע וועלדער
אין לבנה'קע ליכט, —
חלום'ט אַ וועלט זיך
אַ שטילע פֿאַר'כוד'עט
אויף ווייסינקע וועגן,
אויף פּערלנע שטעגן,
אין הייליקער פליכט.

שטייסטו פאַרוואונדערט
אין כישוף פון ווימל
דורך טאנציקע שטערן
אויף גרינע דיוואַנען
אין הויכן פארטיפט...
אַ געטליכער ניגון
ווי אַ זילבערנער פאָדעם,
געוועבט מיט פינגער
פון פלאַטענען בוימער,
ציטערט און שטיפט...

אַן אייביקער יום - טוב
פון אייביקע קלעזמער,
פון אייביקע טענצער,
פון אייביקער חופה
איבער אייביקער חתן און כלה,—
אין נעכט פון אָריענטע
איז קיינער פאַראיינזאַמט,
טענצער און קלעזמער,
חתן און כלה,
זיינען מיר אלע...

אין געפלעכט פון שטערן
מיט אויגן וואס גאַפן
צו שטראַלן און שיינען,
און רייסן זיך העכער
מיט בעטלענדע בליקן, —
וואַרף איך מיין ניגון
אין תפלה׳קן ציטער
פון הארץ און נשמה,
אויף ווייסער אָריענטע
אין נאַכטישן קוויקן.

# וויקטאָריא דע לאס טונאַס.

ווייסינקע מויערלאך
לעם כאַטקעלאך קליינע ;
ליוליעט אַ שטעטל
אין אָריענטע אַ שיינע.

אין מיטן צוויי פאַרקן
מיט טונקעלע ליכטער ;
נאָר ס׳ליכטיקט אין דרויסן
פון קובאַנקעס געזיכטער.

שטאָלצע ווי פאַלמעס
זיך בויגן און דרייען ;
טרויערט אין הארצן —
זיי פריידן פאַרזייען.

ביי טאָג פליען פערדלאך
פלינקע פון דערפלאך ;
אַ זאָטל, אַ פויער,
מיט קרינגלאך און קענדלאך.

רויכערן גאסן
פון דינינקע שטויבן ;
עס שניידן די שפּאָרן
און פּיסלאך זיך הייבן.

און באלד איז אַ קרעמל
ער שטייט שוין אין רו ;
ס׳קויפט זיך דער פּויער
דאָס נויטיקסטע צו.

בינדט ער אַ פּעקל
לעם זאָטל צו פעסט;
אַ קריץ מיט די שפּאָרן
און ווייט אים שוין זעסט...

ביי נאַכט הערט זיך רוישן
פון רעדער אין ווייט;
פון פולע וואַגאָנעס
די קאַניע מ׳שניידט.

זיי קלאַפּן אויס ווייטאָק
אין נאַכטיקן שווייג;
פון טויזנטער לעבנס
פאַרמוטשעט אין שטייג.

דער שטייג איז אַפּרייער
אויף פעלדערשן ברייט;
נאָר איינג איז דער לעבן
אין הונגער און נויט.

# עס שרפה׳ן פון פאַלמעס די שטאַמען.

עס שרפה׳ן פון פאַלמעס די שטאַמען
און ס׳פלאַקערט דער רייפער מאַים;
און צווישן די פלאַמיקע צונגען
שטויבט אַ רייטער אין פליהיקן ריס.

די זון גייט נאַכטן אין קאַניעס,
וואָס ציען אויף מיילן זיך לאנג;
גיכער הויב פערדל די קלאָען,
זאָל ציטערן ערד אין דיין גאַנג!

ביי נידעריק טירל פון הייזל
שטייט זי פאַר׳חלום׳ט און קוקט:
„האָט ניט געליבטער גענאַרט איר,
מיט אַ צווייטער זיך ערגעץ פאַררוקט״?

פאַרוואַרפט זי די בליקן אין מערב,
נאָך רויטער דער פייער צעברענט;
קנוילן זיך שטויביקע רויכן,
אַ רייטער פון וויטן גענעענט...

אַ ציטעריק ליכטל אין האַרצן
האָט פלוצלינג בײַ איר אויפגעשײַנט;
ס׳נאַרט ניט געליבטער—געליבטע
מיט קושן פאַרפלײַצט ער איר הײַנט...

טראָגט איר ווי בלימל אין אָרעם,
ציטעריק האלזט איר און גלעט;
און מורמלט אַ שטילינקע תּפֿלה,
אַ הייליקן ליבע - געבעט.

דער דרויסן אַרום איז געלאָשן,
שאָטנס זיך ראַנגלען אין נאַכט;
אונטער דעם קאָפּטשיקן לעמפּל
א פּאָרל, אין יונגנט־טרוים, וואַכט...

דער הימל פאַרשאָטן מיט שטערן,
די ערד איז אין קלאַנגען פאַרוויגט;
אין הייזל פון פּלאַטענע - קאָרע,
צוויי הערצער, צוזאַמען געשטריקט...

# קאַנדעלאַריאַ אַקאָסטאַ.

## היסטאָרישע פּאָעמע.

### א.

### די נאַכט פון 9־טן אָקטאָבער.

יעדער טראָגט אַ סוד אַ שטילן
טיף אין הארצן נאָך פאַרבאָרגן;
און סע ברויזן שוין געפילן
אויף אַ העל באַפרייטן מאָרגן.

גענוג געשקלאַפט שוין אונטער שפּאַניע,
קובא מוז צו קובא געהערן!
זאָל די זונען - ליכט ניט שוואַרצן
אונטער לעבנס - יאָך דעם שווערן!

גענוג די בלוט פון אונז צו זייגן
ס׳מוז אַ כוף צו דעם שוין קומען!
פריי און אָפן אויף די גאסן
קעמפן מוטיק זיך גענומען!

רייטן ווילד אַרום סאָלדאַטן;
שנאָרכען, וואָנכען וואו געפינען
אָט דעם נעין פון רעוואָלוציע,
וואו סע שפינט זיך דער באַגינען...

חלום׳ט נאַכט זיך אין אָריענטע,
גרין פון שטערן - ליכט געצוואָגן;
איבער ווילדע כטעפּעס ברייטע
נייע קלאַנגען זיך שוין טראָגן.

פון ליים געקנאָטענע בודע
און פון פּאַלמען ־ קאָרע כאַטע
זינגען שוואַרצע ליד פון פרייהייט,
מיט שטאָלצע קעפּ קודלאטע.

שלייפט מען מעסערס, העק און שווערדן
און מע שאַרפט אויס די מאטשעטעס;
ס׳איז אַ וואַך נאַכט פון זיך גרייטן,
שלאָפן היינט ווער וועט עס ?

באלד וועט שפּראָצן דער באַנינען
אויף אַ טאָג אַזאַ אַ העלן ;
אַף צו קעמפן מיט די שפינען...
ווער וועט היינט אין שלאַכט פאַרפעלן?

און די שטילע פּאַלמען - וועלדער
יאָגן רעש׳נדיק זיך רייטער ;
אָט פאַרשוואונדן אין די קוסטעס
און אָט זעט מען זיי שוין ווייטער...

פלינקע פערדלאך טראָגן הייליק
יונגע פּויערים צום שטאָט;
נישט פאַרשפּעטיקן אַ ווײַלע
אין דעם מזרח מאָרגן גראהט...

ב.

## דער טרוים פון רעוואָלוציע.

שטיל, פאַרבאָרגן אין איר צימער
זיצט די יונגע קאַנדעלאַריא ;
אונטער לעמפּלדיקן שימער
פון דער מוטער „סאַנטאַ - מאַריא׳.

און זי זעט פאַר זיך דעם מאָרגן
מיט די קאַמפן אויף די גאַסן ;
אָדלערס קעמפן פאַר דער פרייהייט
זעט זי קעמפנדיק די מאסן.

איך וועל אויך מיין בלוט אָפּגעבן —
צינדט זיך מוטיק אָן איר ווילן;
פאַר דער פרייהייט שיינקען לעבן —
מיט די הייליקסטע געפילן.

און אַ פאָן פאָראויס וועל טראָגן
מיט אַ ליכטיק ווייסן שטערן;
ווייט פון לאנד דעם פיינט פאריאָגן
עס זאָל פון יאָך דאָס אויג ניט טרערן.

פליִיצט די נאכט מיט ליכט פון שטערן
פון בערג אַ ווינט מיט בשורה שפרייט;
באפרייט וועט קובא מאָרגן ווערן!
אַ נייע פאָן פאר איר זי נייט.

בליצט די נאָדל צווישן פינגער
מיט אַ פאָדעם ווי אַ שטראל;
ס׳וועט דאָס לעבן ווערן גרינגער
פון דעם יונג באַפרייטן קוואל.

בּאלד וועט פּאָנע זיין שוין פּאַרטיק,
נאָר ס׳פעלט אויס נאָך אַ שטיק;
דאָרטן היינגט אַ יום-טוב קליידל,
גישט געטראכט און גלייך צעפליקט.

טאנצט געשווינטער דאַרע פינגער,
פלינקער נאָדל אין דעם שטאָך,
זאָל פון קלייד אַ פּאָנע ווערן
וואס בּאפרייען שקלאַף פון יאָך.

דרויסן טונקלען שוין די שטערן,
פּאלמעס טשוכען זיך פון שלאָף;
אין דעם הענער-קריי זיך הערן
ליכטער זונג אויף שוואַרצן סוף.

פריידיק שפּרייזט זיך קאנדעלאריא,
פול מיט קדושה שיינט איר פּנים;
טראָגט מיט זיך אַ פאָן געגרייט
אויף צו קעמפן מיט די שונאים.

ג.

## קאַמף און זיג.

פּאָלק האט קאָפּ מיט שטאָלין פאַריסן,
און זי וויל שוין מער ניט הערן
פון די שפּאַניער זיין געביסן,
אַ באפרייטע פּאָלק וויל ווערן! ...

רייסן קוילן אויף די הערצער
און סע בלוטיקן די גאסן;
און פּאָראוים פירט קאנדעלאריא
מיט איר פאָן צום זיג די מאַסן;

ברענען שטעטלאך, שטעט און דערפער
און ס׳ליאַרמען די קאַנאָנען;
נאָר קיין קראפט וועט ניט באַזיגן,
ווען די הערצער פרייהייט מאָנען...

אויסגעשאָכטן, אויסגעשאָכן
אויסגעהונגערט און צעהאנגען;
ניט אומזיסט זייט איר געפאלן!
הילכן יובלענדיק געזאַנגען...

קובא איז באפרייט געוואָרן
פון די שפּאַנישע וואַמפּירן;
ס'האָט דער טאָג אַ זון געבאָרן,
צו דער ווייטער ליכט וועט פירן...

ס'רייט צוריק צום לאַנד דער פּויער
און צום פאַבריק דער אַרבעטער;
אין שטאָט צוריק זיך הויבט דער מויער
און ס'וויגט זיך פרוכט אויף בוימער שווער...

ליכטיק בליקן אין די אויגן
פול מיט האָפענונג די האַרץ;
ס'איז דער טרויער ווייט פאַרפלויגן
ווי קיין מאל נאַכטיקייט געשוואַרצט...

פול מיט גלויבן אין דעם מאָרגן
שפרייזט דאָס פאָלק אין לאַנד זיך פריי;
און פארשטופּט די אלע זאָרגן
וואָס צעוויקלען זיך אויפסניי.

און סע בליען נייע לידער
פון די הערצער טיף אַרויס;
אלע זיינען מיר דאָך ברידער
ווייטע, נאָענטע—ברידער בלויז.

אויף די קברים׳לאך די שטילע
פון די העלדן וואָס געפאַלן;
זינגען הערצער אויס אַ תפלה
צו די ערשטע פרייהייטס־שטראַלן...

ד.

די פאַר־יתום׳טע פאָן.

יאָרן זיינען זיך געלאָפן,
און נייע דערנער אויף די וועגן
האָט דער יונגער דור געטראָפן,
צאַמענדיק זיין גאַנג אנטקעגן.

ניט קיין סימן מער פון פרייהייט,
אָפּגעמעקט — ווי גרויער נעכטן—
זיינען אלע העלע טרוימען,
ווי די קעמפער פון די שלאַכטן...

און ס׳קרעכצט דאָס פאָלק פון יאָך
ארויפגעצוואונגען פון זיין ברודער;
ניט קיין פרעמדער איז ער דאָך, —
לייד, און מאַך ניט קיין גערודער! ...

אָט אַזוי אָ זאָגט מען אים
און פאַרשטשימען מוז די ציינער,
נאָר לייב וועט אויפוואכן אין גרים
און צעטראַמפלען זיינע ביינער.

שטייט די אלטע פאָן פאַר׳יתום׳ט,
אין אַ ווינקל לאנג פאַרגעסן,
ניט קיין פרייהייט אויף אַ זכר
ס׳האָט איר שלאַנגיק צייט צעפרעסן.

און די מיידל קאנדעלאריא
איז אַ זקנה שוין אין יאָרן;
דאַן אַ יונגינקע אַ קינד נאָך
און היינט אַן אלטישקע געוואָרן...

יאָרן צענדליקער פאַרפלויגן
און מ׳זוכט איר איצט דער אלטער;
שפּאַניען שיקט אַנ׳אלטע פאָן אָפּ
און דאָ פאַרקניורעט שטייט אַ צווייטע.

און קיינער ווייס ניט וועלכע איז ערשטע
וואָס גערופן האָט צום אויפשטאַנד;
פאָרט דערקענען קאַנדעלאריא
דער פאָן וואָס האָט באפרייט איר לאנד...

ווערט באַגריסט אויף אלע סטאַציעס
די גרויע קעמפערן פון באַיאמא;
פול מיט רוישיקע אָוואַציעס
צום ערשטן מאָל זי זעט האוואנא.

וואַרטן פאָנען צוויי גענרייט
הייליק שווייגנדיק און שטום;
דאָס איז די פאָן וואָס כ׳האָב גענייט...
מיין בלויע קלייד, דער זוים אַרום...

געשטאנען איז זי דאָ אַליין,
קיינער האָט פון איר געוואוסט;
די אלטע קושט איר אין געוויין
דריקט און טוליעט איר צום ברוסט...

# ס׳גיסט זיך אַ נגון.

ס׳גיסט זיך אַ נגון
פון ריינער יצירה
אַ תפלה פון שחרית אין רוים;
ווינטעלאך וויגן
די סטרונעס פון לירע
און שפינען מיר אויסעט מיין טרוים.

קלינגען מיר טענער,
ווי שכינה וואָלט גיסן
וויין אויף קדוש פאַר גאָט;
צעפלאַטער איך פענער
פון ריינעם געוויסן
אַ יום - טוב פון הארצן געבאָט.

שטראָמיקער, ווייטער
פאַרציט זיך דער נגון
אין טיפן אין הייכן געשטיל;
ווי אין פלאמיקן שייטער
אַ קדוש וואָלט ליגן
און זינגען דורך יראה-געפיל.

פון וואַנענט געבאָרן
אין מיר אַזאַ נגון
אין העלן פרימאָרגן אַזוי;
צו האָב איך פאַרלאָרן
צו עפּעס געקריגן ?
כ'ווייס ניט ! נאָר זיס איז מיין וויי...

תפלה נשמה
אַריבער דער וועלט
ווייטער, נאָך טיפער פאַריאָג ;
מיין אָרעמע מוזע
זי האָט קיין געצעלט
נאָר שטענדיק פארוואָגלט זיך טראָגט..

# אַ שטילער מורמל.

אַ שטילער מורמל...
דאַכט זיך גאָרנישט,
קיינער ווייס ניט
וואס דאס מיינט...
הער זיך צו
צום טייכל פליושקע,
ווערסטו פילן
ווי ער וויינט...

יעדער וועלכל
וויל אַריבער,
נאָר ס'לאָזט ניט
זאמדיק ברעג;
שפּריצן פונקען
שוימען פּערל,
און צעפאַלן
אין געיעג...

יאָרן לויפן
און פאַרלויפן

און ניט קומען
שוין צוריק...
דאָך דער זעלבער
טרויער נגון
פליושקעט טייכל
אין געשטיק...

שטילע דינע
וואַסער פעדים
שפינען זילבער
אין דער נאַכט;
ציטערט וואַסער
אויס אַ תפלה
פון די טיפן
שטיל פאַרטראַכט.

יאָגן שטראָמען
צו די ווייטן,
איבער צייטן
אָן אַ סוף...
אָט פאַרזונקען
אין די תהומען,
און שוין שטייגן
באַרג ארויף...

ביימן שטראָמען
זיך איז טייכל.
און דער טייכל
ווי געוועז:
מורמלט, שעפשעט
אויס די קלעמען
פון יאושדיקן
ברען ...

# בול'קע, בול'קע שפיליק וואסער!

בול'קע, בול'קע שפיליק וואַסער!
ס'איז געשמאַק אַזוי צום הערן;
פליושקע, פליושקע דיינע לידער!
ווי סע פליושקען מיינע טרערן...

האָב איך קיינעם ניט אין שטעטל,
בין איך, פריינט, צו דיר געקומען;
איך בין איינזאַם דאָרטן, עלנט,
קיינער האָט מיין ווייַ פאַרנומען...

וועלן ביידע מיר זיך טיילן,
מיט די פריידן, ליידן - פלעבען;
איינס דעם צווייטנס הארץ דערציילן
און אויסגיבן זיך די קלעמען...

זאָלן טעג מיט נעכט זיך ציען,
ווען מיר ביידע זיינען איינס;
וועלן ליליע - פערזן בליען,
אין אַ לידעלע אַ ריינס...

טייכל, שוועסטערל דו מיינע!
איך בין ברודערל ביי דיר;
פליושקע, פליושקע דיינע קושן,
טיף אין הארץ אַריין ביי מיר...

וועל איך, שוועסטערל, דיר געבן
מיין נשמה׳לע אויף אייביק;
ווייסטו, טייכל, אייביק זינגען
קיינמאָל טראָפּן ווערן שטויביק.

# דער ברונעם.

כ׳בינד אָן עמער אויפן שטריקל
און לאָז אַראָפּ אין ברונעם;
גיט אַ ציטער שטילער וואַסער,
כ׳האָב זיין סוד פאַרנומען...

אָנגעשעפּט אים פול מיט זילבער
כ׳צי אַרויס דעם שטריק;
פאלן טראָפּנס שטילע פּערל,
אין דעם ברונעם אָפּ צוריק...

שפיגלט וואסער אָפּ מיין פּנים
קוויקט מיר מיט זיין רו;
בייג איך מיינע יונגע ליפּן
צו זיין שפיגל צו...

פיל איך ריזלענדיק אַ קוועלכל
אין מיינע ברוסטן טיף;
ס׳האט דער ברונעם זיך צעעפנט
אין אַ פרילינג שטיף...

פליושקע לידער איך פון מאָרגן,
פליושקע לידער איך פון היינט;
פליושקע קלאַנגען אויס פון זאָרגן,
פליושקע פריידיק, ווען עס שיינט...

בין איך מיר אַליין דער ברונעם,
אַליין דער עמער און דער שטריק;
טרעפט איך לאָז אַליין אַראָפּ זיך
און איך ברייננ זיך ניט צוריק...

זינק איך טיפער נאָך אין גרונט
און איך בראָזגע אום אין שוואַרץ;
ווערים־קלעמען, יאוש־זאָרגן,
גריזשען, עקבערן מיין הארץ...

ביז עס שיינט אַ שטרעלכל אויף
פון מיין אויפגעוואַכטער זון;
און זי ציט מיר הויך אַרויף
אויף אַ שטראַליקן געשפּון...

# איך ווייס ניט ווער האָט עס צעצונדן.

איך ווייס ניט ווער האט עס צעצונדן
ביי מיר אין מיין הארצן די פרייד,—
איך ווייס ס'ווערן לייכטער די וואונדן,
וואס זיינען אין האַרץ טיף פאַרשפרייט...

איך ווייס ניט ווי אַזוי איז דער בויגן
פון ליכט אויף מיין וואָלקן געקומען,—
איך ווייס נאָר, ס'איז טרויער פאַרפלויגן,
דער גיפטיקער אומעט צעשוואומען...

איך ווייס ניט ווער האָט עס די בלומען
אין מיין צעוויאַנעטן גאָרטן באלעבט,—
איך ווייס ס'איז ווינטל געקומען,
מיט בשמים פאַר'שכור'ט ער שוועבט...

איך ווייס ניט, און וויל דאָס ניט וויסן,
זאָל דופטן, שטראַלן אין פריידן!
אייביק זאָל קוועלכל נאָר פליסן,
אַ הייליק - געזאַנג פון גן - עדן!...

# ס׳וועט מיר קיינער ניט מיין פלעמעלע פאַרלעשן.

ס׳וועט מיר קיינער ניט מיין פלעמעלע פאַרלעשן!
וויפל ווינטן זאָלן ניט טייען זיך אויף אים;
העכער, ברויזיק וועל צעשפּריצן מיינע פונקען,
טיפער שניידן וועט מיין פלאַקערדיקע שטים.

עס שטייט פאַר מיר אַן אויסגעדארטע פאַלמע
מיטן קאָפּ פאַריסן שטאָלץ אַנטקעגן זון;
יעדער בלעטעלע דערציילט פון וועלטן ליידן,
וואָס קיינער קיינמאָל וויסן וועט דערפון.

וויפל ווינטן זיינען איבער איר געגאַנגען,
וויפל שטורעמס האָבן איר צעשויבערט;
און בערגער - וואָלקנס איבער איר געהאנגען,
מיט ציקלאָנען, אוראַגאַנען איר געטרייבערט.

דאָך האָט קיינער ניט געבויגן איר דעם קערפּער
און נאָך שלאַנקער און נאָך העכער איז געוואָרן!
וואָס מער ליידן, וואָס מער ווייטאָק, וואָס מער פיינען,—
אלץ מער לעבן, אלץ מער לידער, אלץ מער יאָרן!

ווילט איר וואַרפן שטיינער, שפּיזן מיר אין וועג?
אָט אָ בין איך, מיט דער ברוסט אַנטקעגן אייך!
און ניט קיין ציטער, ניט קיין בייג און ניט קיין שרעק,
שליידערט פּיילן מיר אין הארצן גלייך!.

פון די פּיילן וועלן וואונדן נייע ווערן,
פון די וואונדן וועלן טראָפּנס הייסע רינען;
פון די טראָפּנס—רויטע שנירעלאך זיך קווען
פון די שנירלאך וועל איך נייע לידער שפּינען.

וועלן פלאטערן די לידער פול מיט יובל
אין דעם מאָרגן וואָס וועט זינגענדיק אויפּפראלן;
ניט פאַרלעשן קען מען פייערל פון אויפגאַנג
ניט פאַרשטאָפּן וועט מען אויפגעוואַכטע קוואלן.

צעשטויבט וועט זיין דער שטיין וואָס האָט פאַרבלוטיקט,
פאַרראָסט וועט ליגן קויל וואָס האָט געלעכערט;
צעשטראַלט וועט זיין די הארץ און העל געמוטיקט
מיט נשמה אין דער שירה הויך געהעכערט...

# נאָך אַ וואָלקן.

נאָך אַ וואָלקן איז געבליבן אָנגעצונדן,
נאָך אַ וואָלקן איז געבליבן אָנגעפלאַמט;
נאָך אַ לידל איז געבליבן אין די וואונדן,
נאָך אַ לידל איז געבליבן אַיינגעצאמט.

כ'וועל באפרייען, דיר באפרייען וועל מיין לידל
פון די ווייען וואָס אין טיפן דיר פאַרקלעמען;
ס'וועט איין ציטער נאַר פאַרביילויפן מיין פידל
און טענער פריי אין הויכן זיך פאַרנעמען.

ווּעסטו, לידל מיינער, פלעכטן זיך מיט שטערן
און איבערוווינקען זיך מיט מיר אַמאָל אָט דאָ;
ווען פון הארצן וועלן רייסן קוואלן טרערן,
וויל איך וויסן ס'איז מיין זינגעדיקע שעה.

# אַ שיף אַריין אַ שיף אַרויס.

אַ שיף אַריין, אַ שיף אַרויס
איך שטיי און קוק זיך צו;
אַ פּלאַטער הין, אַ פּלאַטער הער
און עס שטילט שוין רו.

דער ים איז ברייט, דער ים איז ווייט
און וועגן אָן אַ שיר
יעדער שיפעלע זיך שניידט.
וואו איז וועג פאַר מיר?

די האַרץ איז ברייט, די האַרץ איז פול!
וועלן וואלט איך זיין
אַ ים פון שפּרודלדיקע פרייד,
אָן קלעמענישעס, אָן פּיין...

שניידן שאַרפע שיפן מיר
טיף אין האַרץ אויף וואונד;
פאַרבלאָנדזשעט ווען אַ ווייכע שיף
איז אויך פאַרשוואַרצט דער גרונט...

גאָלדן ים׳ל, גאָלדן ים׳ל!
ס׳איז מיין הארץ אין דיר געראָטן:
ווערט פון יעדערן געריסן,
ווערט פון יעדערן געטראָטן...

# דער לוח.

יעדן טאָג רייס איך אַ בלעטל,
אַזוי צערייס איך מיינע טעג;
אַ קליינע ציפער אויף אַ צעטל
קירצט מיין קורצע לעבנס - וועג.

ס'וועט אַמאָל אַ טאָג נאָך קומען
היינגען בלייבן וועט די בלעטל;
אַ קליינע פליגעלע וועט זשומען
אויף מיין שטילע טויטן בעטל.

טעג פארוויינטע וועלן בייגקען
נאָך מיינע רייסנדיקע פינגער;
אין דער שוואַרצער ערד וועט ליגן
אַ פארפוילטער, לאנג, דער זינגער.

און די זון וועט ווייטער שיינען
און די שטערן וועלן בליען;
אין דעם קבר וועלן ווערים
לעצטע אָדערלאך צעציען...

ווערט אַ מאָל אַ פֿויגל קומען,
מיט איר שטימעלע פֿאַרקלינגען;
וועל איך פֿון דעם שטומען קבר
איר אַ טויטער העלפֿן זינגען.

איך וועל שטאַרבן, איך וועל אויסגיין
ווי אַ שטיין וועל איך פֿאַרשטומען;
נאָר נשמה מיינס וועט זינגען
אייביק מיט די בליאיק בלומען.

מעג דער ווינט מיין שטויב צעיאָגן
און די אַש מיינע צעשטויבן;
אין דעם הימל הויך וועט טאָגן
מיין העל פֿרימאָרגנדיקער גלויבן.

# אַ שיין, אַ פּיין און אוים.

כ'האָב געזען דעם שטערנדל
פון נאַכט פארשווינדן
און אויך די רויטע זון
פון טאָג אָנצינדן,—
נאָר ביידע שיינען לייכטן
בלויז פאַר זיך
און פינסטער בלייבן
אויגן ביי דעם בלינדן...

כ'האָב געזען אַ בלימעלע
אין פרילינג שוים
און אין הערבסט פאַרוועלקט
געווען איז זי שוין גרוים,—
נאָר קליין און גרויס
ווערן לעצט דאָך איינס,
אויפן טויטן שוועל
גלייכן זיי זיך אוים...

כ'האָב געזען אַ ים
אין ווילדן קאָך.

און אויך—אין שטילן שפּיל
ביי זעמדל שאָרך,—
און געפּילט האט זיך
דער שווערער לעבנס יאָך
אין שפּיל, אין רו,
אין גאנצקייט און אין בראָך...

ס׳איז דער זיין
אין פּיין, אין וויין...
אין שאָטן—שיין
אַלץ איינס,—
אַ ווייל אַ ריין,
אַ כישוף איין,
אַ שיין... אַ פּיין...
און אויס ...

# פערל - וויילע.

יעדער וויילע איז אַ פערל
אין דעם גרונט פון לעבן;
זיינען טויכערס מיר פאַרשאָלטן
פול מיט מוטיק שטרעבן.

טויכן מיר אין ים'ען - טיפן,
זוכן פערל אין די גרונטן;
אויבן, פערל - וויילעס שווינדן,
זאַמד מיר קלייבן אונטן.

צאלן מיר פאַר פאַרביק שטיינדל
מיט פערל פון דעם לעבן,
און פאַרלירן פערל - וויילעס
אין דעם זאַמדיק שטרעבן.

בלינדע טויכערס אין די גרונטן
זיינען מיר באַשאַפן!
רויען, רויען אייביק אונטן,
שטרעבן נאָר און גאַפן...

און פאַרלירן איינציק אוצר,
וואָס איז אונז געגעבן:
פערל - ווײַלעס אויסגעטרוימטע
פון דעם קורצן לעבן...

# נעמט מיך טרוימען אין די אָרעמס!

נעמט מיך טרוימען אין די אָרעמס,
און פאַרטראַכט מיך אין דער ווייט!
אָף פאַרגעס פון אייגן לעבן,
אָף פארוויש פון גרויליק צייט...

כ'האָב נאך יאָרן אויף צו וויקלען
פון מיין לעבנס - סודות בוך...
ווילט זיך לעצטע בלעטלאַך מישן
אונטער שטראַלעדיקן פליוך...

פון געבורט מיין ערשטע בלעטל
ביז מיין היינטעדיקן זיין, —
אלע שוואַרץ דורך אויס פאַרצייכנט
פול מיט טרויער, לייד און פיין.

וואָלט איך וועלן די פון מאָרגן
זאָל אין גאַנצן ווייס פאַרבלייבן!..
אויב קיין פרייען - פונק זיך צייכנט,
זאָל קיין שוואַרץ זיך מער ניט שרייבן!..

# שטילער ווי גראָז.

שטילער ווי גראָז,
ווי ווינטעלעס בלאָז,
איז טאָגיקער טראַכט;
העלער ווי העל,
קלערער ווי טרעל,
איז פריידיקע נאַכט.

ווייטער ווי ווייט,
פלינקער ווי צייט,
איז דיכטערשער טרוים;
אַריבער די מאָס
פון זוניקן גאָס,
איז פּאָעטישער רוים.

שענער פון ים,
ווי פּערלדיק פלאַם,
איז האַרציקער זונג;
דינער ווי שטראַל,
ווי שטערנדיק פאַל,
איז נשמה׳קער קלונג.

טיפער פון תהום,
אין גרונטלאזן רוים,
איז מענשנס געפיל;
אַ סטרוניקע שוויג,
אויף העכערן שטייג,
איז שטומער געשפיל.

שטאַרקער פאַר טיגער,
שטאָלצער פאַר זיגער,
איז דיכטער פון ליד;
דורך דערנער און צאמען,
וואונדן און פלאַמען,
פאָראויכט ער די טריט.

# ס'איז גוט אַמאָל צו טרויערן...

ס'איז גוט אַ מאָל צו טרויערן,
ווען האַרץ איז פול מיט וויי;
געזאַנג און קלאָג דיר בויערן
אין אויפגיי און פארגיי.

ווען וועלט ווערט טונקל, חושכ'דיק,
אין העלסטן, בלענדיק שיין;
זיסט דאך דאַן דער וויי־געקלעם,
גרינגערט דאָך דער פיין.

טרערן טראָפּנס געטליכע
פון טיפן האַרץ־ריס ציען;
פונקען פון די אויגן פייכט
אויף דיין פּנים גליען.

תפלה'ט זיך אַ ברכה אויס
פון דעם שטומען צער;
קניכט אַ קנעכט הכנעה'דיק,
אין קניען פילסט זיך האר.

װעלט די טיפֿע לײדנדע
װערט דיר ליב אַזױ...
זינגסט אַ האַרציק נגונ׳דל
פֿון אױפֿגײ און פֿאַרגײ...

# וויגן צווייגן זיך אין שווייגן.

וויגן צווייגן זיך אין שווייגן,
און דער שווייגן איז געזאַנג...
אין דעם אָוונט׳דיקן טרויער
איז מיר אומעטיק דער גאַנג...

כ׳וויל פאַרפייפן מיט אַ לידל
אָט דעם ווייטאָק פון דער שטיל...
עפנט האַרץ זיך ווי אַ פידל
אונטער סטרוניקן געפיל...

רינען טענער—טראָפּנס הייסע—
פון אַ וואונדיקן אויפפלאַץ;
ווערט פאַרפולט אַ טרויער כוס׳ע, —
גרייט איז צווייטע אוי׳פן פלאַץ.

פיל איך כוסות אָן מיט טרויער
און איך טרינק זיי אויס אַליין;
קיינער הערט ניט אין דער שטילקייט
מיין נאָך שטילערן געוויין...

בליצן אויגן מיר פון פריידן...
אַלע מיינען, אז איך לאַך;
ווער קען פילן, אַז אין טיפ׳ן
אַ נשמה וואונדיק שמאַכט?!...

איז מיר שווער אין איינגן לייד,
דער פאַרבאָרגן איז פון וועלט, —
שפּין איך טרוימען פון דער ווייט,
ווערט מיין איצטער גריגג באַהעלט.

און איך קריג אַ נייעם מוט
אין מיין ברויזעדיקן טיף;
וואס מער טרויער אין מיר רוהט,
אלץ מער הוליעדיקער שטיף!

וויגן צווייגן זיך אין שווייגן
און דער שווייגן איז געזאַנג...
ווערט מיר אומעטיק נשמה
אין דעם אָוונט׳דיקן גאַנג...

# ביים ראנד פון נעילה.

אויף מיין בלויען הימל איז אַ גרויער וואָלקן
פון דער ווייט געקומען און דער זון פאַרנומען;
כמורנען אום די גאַסן פאַרטרויערטע אין יאָמער
אַזש נערירט ביז טרערן האָט דעם שטיין דעם שטומען.

זיץ איך מיר אין צימער און קוק אַריבער דעכער,
שנורן, שנורן גרויע, וויקלען זיך פאַנאַנדער...
און פון טיפן נעפל—העכער נאָך פון העכער—
שפינען זיך געדאַנקען, פאַר׳יאוש׳טע פון וואַנדער.

ס׳איז אַמאָל געוועזן, און אַמאָל וועט זיין,
און היינט איז אויך דאָס זעלבע—יאוש, לייד און פיין...
איז וואָס מיר ווייטער ציען פון יאָרן נאָך דעם קניפל?
ווען אין סוף פון ווייטן פאַלבט אין תהום אַריין..

ס׳איז אַ זון דאָך ליכטיק און אַ טרוים נאָך העלער
און די זון פאַרגייט דאָך, און דער טרוים פאַרשווינדט...

און אין גרויער עלטער אין אַ ווינקל קעלער
לעצטער העלער חלום אין דיין נאַכט פאַרשווינדט.

ענטווערט מיר, איר כמאַרעס—וואָלקנדיקע ריזן!
איר האָט מיין זון פאַרלאָשן, איך ווייס ניט וואו צו גיין.
ווי שאַרף ניט זיין זאָל ענטווער, ענטווערט מיר מיט שפּיזן...
צעמאָלט מיר ווי די טראָפּנס, ניט בלייבן קיין געביין.

מיין לעבן איז אַ קרעלכל אויף אַ שטראַל געצויגן,
ציסט ארויס דעם שטראל מיר,—וואָגל איך אין תהו...
און מיין אָדלער-טרוימען אין וויטן זיך צעפליען,
ווי אַן איינזאַם פעדער, טראָגט עס מיר אין בהו..

טונקעלער ווערט דרויסן און כמורניקער דער אומעט,
ס'קומט דער אָוונט טרויער טיפער נאָך אריין:
און האָט נאָך וואו פאַרבאהאלטן אַ האָפענונג געניורעט,
שטאַרבט עס אָפּ אין הארצן ווי לעצטער גכיסה-שיין...

שטילער, שטילער, ווײלע! לאָז נאָר די געפילן
מיטן לעצטן אָטעם אויספּלוטיקן אַ תּפלה!...
טיף אין מיר אַ סטרונע רײַכט זיך נאָך צו שפּילן
אין יחוד, תּפלה־זכה, בײַ דעם ראַנד פון נעילה...

# איך צייל ניט.

איך צייל ניט די טעג וואָס פאַרשווינדן
און לאָזן קיין שפּור ניט נאָך זיך;
כ׳פיל נאָר דעם צער פון אַ בלינדן,
וואָס ווייס ניט דעם שיין פון אַ ליכט.

# טונקל אייביק שלייכסט...

ס׳לעשט זיך אויס
אַמאָל אַ ליכט,
צינדסט אַ צווייטע גלייך,—
לעשט אַ גלויבן
זיך אין הארץ
טונקל אייביק שלייככט...

פאלט אַ שטערן
פון דער הויך,
איז הימל שטערן רייך,—
פאַלט אַ שטערן
פון דיין הארץ
טונקל אייביק שלייכסט...

טרויערט אָונט,
זון פארגאנג
מאָרגן טאָג אויפלייכט,—
טרויערט אָונט
אין דיין הארץ
טונקל אייביק שלייככט...

ברעכט אַ צווייג זיך
אויף אַ בוים,
צייט,—דעם צווייג פארגלייכט,—
פרעכט אין הארץ
זיך אָפּ אַ צווייג
טונקל אייביק שלייכסט...

צאמסט אַ קוועלכל
אין געפליאָם,
גרויכן מוז ער טייך,—
צאמסטו הארץ
אין העלן גאָם
טונקל אייביק שלייכסט...

# בײנאַכט אין די גאַסן.

בײנאַכט אין די גאַסן
כ׳שלעפּ זיך אַרום
אײנער פאַראײנזאַמט אַלײן;
ס׳קוקן די מױערן
בלאַס, טונקל, שטום
און װילן מײן עלנט פאַרשטײן.

נאָר ס׳קען ניט קײן שטײן,
קײן סקאַלע, קײן װאַנט
מײן נשמה׳קן אומרו פאַרשטײן,—
װאַרפן זײ שײנען
פאַרגרינטע פון גאַז
און װילן מײן עלנט פאַרשטײן.

לױפט מיר נאָך שאָטן
—װי אַ הינטל געטרײ—
לעקט זיך און לאַשטשעט צו מיר,—
אַנטלױף איך פון גאַסן
צו געסלאך אַװעק,
צום סוף גאָר—ער ליגט בײ מײן טיר.

שלים איך אויף טויער
און כאַפּ זיך אַריין,
ס'אי פינכטער אין הויז אויף די טרעפּ;
אַרויף אין דעם צימער,
אַ צינד אָן די ליכט,—
דער הינטל איז צו מיר צוגעקלעפּט.

לייג איך זיך שלאָפן
מיט הינטל אין בעט
ער לעקט מיר, לאַשטשעט און קושט;
שפּילט ער זיך טאנציק
אַ נאַכט אָפּ און שפּרינגט
אויף מיין האָריק, צעוואונדעטע ברוסט.

וואַרף איך אין בעט זיך
פאַרקאָרטשעט אין קלעם,—
מיין הינטל מיין שאָטן ער לאַכט:
וואָס טרייבסטו, וואָס יאָגסטו מיך?
גוטינקער האַר,—
האָסט דאָך אַליין מיר געבראַכט!...

# איינע יאָגט דער צווייטער.

איינע יאָגט דער צווייטער
אין די כשוף נעצן
פון די בלוי פאַרנאַכטן:
אָט אַזוי באגלייטן
יונגע פויגל פּאָרן
לעצטע זונען שטראַלן...

איינער דריקט דעם צווייטן
אין די קאַרן, אויטאָס
פון פארנאַכטן שעה׳ען:
אָט אזוי באגלייטן
מענשן - מחנות, כידע
לעצטע זונען פאלן...

טונקלט, ציטערט ווײלע,
מיט מינוטן פינסטערט
און שוין שטערן בליען:
אָט אַזוי אויפנעמען
רוימען ווייטע סוד׳יק
ווימלענדע ביינאַכטן...

צינדן בלוי זיך לאַמפּן
אין די הייזער, גאסן,
שטופּט מען אָפּ אַן אָוונט:
אָט אַזוי אויפנעמען
מענשן יאָגיק, אייליק
רוענדע בייגאַכטן...

# אַ טאָג פאַרביי.

אַ טאָג פארביי...
ווי קיין מאָל ניט
געטרוימט געבליט,—

איך גיי אים נאַך
נאָך זיינע טריט
און היט אים, היט.

ער גייט אין וועג,
וואו אלע טעג
זיינען אַוועק,—

איך גיי אים נאָך
און פרעג אים, פרעג:
וואו איז דער וועג?

ער ציט פאָראויס,
אַרויף, אַרויף
צום אין־הסוף..,—

איך יאָג אים נאָך
אין פלינקן לויף
פון גליאיק רייף.

ס׳שטיל זיין גאַנג,
אויף יעדן טראָט
באַרירט אַ סוד, —

איך גיי אים נאָך
און פיל אַ גאָט
אין זיין גענאָד.

ס׳בלענדט אַרום
פון שטערן שיין
אין קדושה זיין, —

איך גיי אים נאָך
און פיל זיין פיין
אין מיר אַריין...

# אָוונט רו.

אַ גלעקעלע קלינגט
און אַ שטערנדל ווינקט,—
ס׳איז אָוונט אין וועלט;
אַ הינטעלע בילט,
אַ קעצל זיך שפּילט,—
אַ ליכטיקייט קוועלט.

אַ נחת זיך שפּרייט,
הערצער דערפרייט,—
ס׳איז אָוונט און רו;
יעדער איז גרייט
מיט ווינטל וואָס ווייעט
פאַרטראָגן זיך וואו...

אלין אין זיך פילט
ווי שרייאיקייט שטילט,—
ס׳איז אָוונט געבלענד;
יעדערער שפּילט
אויף סטרונעס פאַרהילט
מיט קדושה׳קע הענט.

שפּינט זיך די צייט
איר צווינער פון ווייט,—
ס׳איז אָוונט און גליק;
אַ ליכטיקייט שניידט,
און שניידנדיק בייט
דעם שוואַרצן געשטיק.

זינגען זיך פריי
אַ ריי נאָך אַ ריי
אין אָוונט די שטערן;
און מענשן געטריי
שפּאַצירן פאַרביי
הערן און קלערן...

# אין באַגינען.

אין באַגינען איז די צייט פון זינגען,
דער באגינען איז צו דעם געגרייט;
יעדער שטרעלכל וויל אַריבער קלינגען,
יעדער וועלכל וויל אַריבער שפרייט.

רויטע גליען, בליען אויף אין הימל,
ווייסע פליען, טשובען רוימען אויף;
דינע ציען, דופטן אויף פון בלימל,
שטילע טליען, וועקן האַרצן אויף.

שלינגט דער ים אַראָפּ אַ שטיקל זון,
צעקייט עס און צעקרושלט עס אויף פיצלאך;
ווייסט איר וואָס עס מאַכט דער ים דערפון?
פערלדיקע, פלעכלדיקע שפריצלאך.

קומט אַ פישערס טאָכטערל צעלויפן
אין אַ ווייכע דינע לייוונט - העמדל,
טונקט זיך אָפּ אין גאָלדן - וואסער רייפן
און פלאַטערט אויף אין כוואַליעס ווי אַ פענדל.

שוואַרצע אויגן—אין די בלויע וועלן,
נאַכטיק לאָקן—אין דעם זוניק ים;
ווי זאָל גאָלדן מיידעלע ניט קוועלן
אין דעם פאַקלדיקן שירה־פלאם?

מאַנגאָ־זאַפט פאַרפלייצט דעם מזרח,
ס'איז דער טאָג פון וויטן וועג געקומען;
אָ! זיי, דו טאָג, ביי מיר היינט אַן אורח,
ווען טעג אַזוי פיל מיר שוין צוגענומען.

כ'וועל אַ טיש דיר גרייטן דאָ דעם שענסטן!
ועסט קיין ברויט און וויין ביי מיר נישט קריגן,—
נאָר זמירות פון אַ זינגער דעם געבענטשטן,
וואָס וועט מיט לידער דיר אין רו פאַרוויגן...

אָ! זיי, דו טאָג, ביי מיר היינט אַן אורח,
ווען טעג אַזוי פיל מיר שוין צוגענומען!
מאַנגאָ־זאַפט פאַרפלייצט דעם מזרח
מיט בונטע שטראַלן אין העלישן אויפקומען.

# צוויי טייבעלאך שטילע.

צוויי טייבעלאך וואָרקען
אין זוניקן אויפגאַנג
פון נאַכטיקן טרוים;
צופן די קעפּלאך
צווישן די פליגלען
אין בלענדיקן רוים.

אַ שפּיל מיט די פליגלען —
און טראָגן זיך פריי
אין בלויען לאַזור;
אין הויכישן שוועבן,
שטילינקע וועבן
פון ליבע דעם שנור.

ביים ברעג פון קאַרניז
פאַרליבטע זיך קושן
מיט שנעבעלאך דין;
בייסן זיך אַיינעט
איינס אין דעם צווייטן,
ווי אַ צאַרטער געשפין.

ער איז אַ שוואַרצער,
זי איז אַ ווייסע
און הימל איז בלאָ;
פאַרייניקן פאַרבן זיך
אלע צוזאַמען,
ווען ליבע איז דאָ.

אַ פלאַטער, אַ לעבן,
אַ קושיקער שטרעבן
אָט דאָס איז די טויב;
אַן אייביקער וועבן
פון חייליקן שטרעבן,
לעבן איז—לגויב.

ריין ווי די טויבן,
צאַרט ווי באגינען,
קלאָר ווי דער טאָג,
מענש, זיך דערהויבן!
אליין זיך געפינען
אין טעגליכן יאָג!

הער איך ווי ס'וואָרקען
אין שטראַליקן אויפזשאַר
צוויי טייבעלאך שטילע, —
נעם איך מיין פעדער
און ווייסן פּאַפּירל
און גים אויס אַ תּפילה.

# די פויגל מיט איר פליגעלע.

די פויגל מיט איר פליגל,
די פּאַלמע מיט איר שפּיץ,
דער טייכל מיט זיין שפּיגל,—
זינגען שירה איצט.

ס'קומט אַ טאָג אַ נייער
מיט זינגעדיקע פרייד;
פון דעם מורח-פייער
שטראַלן טענער ווייעט.

און וואָלקנדלאך אין הימל
צוואָגן זיך די קעפּ,
ווי אַן ערדיש בלימל
אין טויאיקן געשעפּ.

און די הענער קרייען
דעם גוט-מאָרגן אויס;
אומעטום זיך פרייען
גרינגרעזעלאך ארויס.

אַ צעהילכטער נחת
שפּילט אין בלויען לופֿט;
פֿון די גרויע לאַכעס
קוואַלן לידער אויף.

וואו אַ שטויב, אַ שטיינדל,
וואו אַ שפּאָן, אַ בלאַט;
אַ גלאָז, אַ צווייג, אַ ביינדל, —
פֿול מיט שטראַלן זאַט.

און ס'בלענדן וועגן
צווישן פֿולע פֿעלדער
און פֿאַרבלאָנדזשען בלענדיק
אין די טראָפּיק וועלדער.

וואָלט זיך וועלן בלאָנדזשען
מיט די בלאָנדזשיק וועגן,
און דעם לידל שפּינען
אויף הירשיקע נעיענן!

# האַרץ - פרילינג.

ס'איז מיין פרילינג, נאָך מיין פרילינג ניט געקומען,
ס'האָט אַ שפּראָץ געטאָן דערווײַלע נאָר אַזוי,
שפּעטער, שפּעטער, שפּעטער וועט ער בלומען,
דערזען וועט איר מיין בליאיקן אויפגיי!

כ'האָב נאָך קוואלן וואָס כ'ווייס פון זיי אליין ניט,
עפּעס שפּרודלט, עפּעס שפּרודלט טיף, איך פיל...
וואָס אַזוינס זאָל זיין עס, איך פאַרשטיי ניט,—
נאָר זינגען הער איך אין מיין טיפן שטיל...

ס'ליגן קריעה'ס אויף מיין הארצן, נאָך פאַרפרוירן;
זון וועט קומען, זון וועט קומען וועט צעגיין...
כ'האָב מיין לירע אין מיין לייד-וועג ניט פאַרלוירן,
באלד וועט סטרונע צום ניי-לעבנס-ליד אויפשטיין.

וועלן ווערטער—ווי די פלאַנן—זיך צעווייען,
און ס'וועט יום-טוב'ן די וועלט אין פולן גלאַנץ;
אויף יעדן שפּאַן וועל איך די פרייד פאַרזייען,
און וועל רופן און וועל וועקן אלץ צום טאנץ.

יעדער זעמדל וועט מיר גלאַנצן ווי אַ דימענט,
יעדער שטיינדל—ווי געשליפענער ברילִיאַנט;
יעדן פרעמדן וועל איך ברידערליך די הענט
דריקן, ווי פון לאַנג מיט אים באַקאַנט.

אין באַגינען וועל איך ערשטער זינגען שירה,
אין אוונט וועל איך לעצטער זיין אויף וואַך;
ביטאג וועל איך אליין אין מיין יצירה,
ווען טענער אויף מיין זונעדיקן שליאַך.

און ביינאַכט וועל איך מיינע אויגן ניט פאַרשליסן,
כ'וועל פאַרגייסן זיי נאך העכער צו דער הויך;
און לאזן קלאַנגען פריי פון האַרץ אליין זיך גיסן,
ביז שטערנען וועט מיין ליד אין הימל-הויך.

קלאר וועט זיין פאר מיר דער זין פון לעבן,
צייטיקן וועט וועלט אין בלוי-קאָלירן;
פון מענטש צו מענטש, וועל איך אין שטילקייט וועבן
קנוילן זייד פון האַרצנס ליבע-שניר.

# פאַר דעם איז דער מאָרגן היינט ליכטיק.

פאַר דעם איז דער מאָרגן היינט ליכטיק,
ווייל האַרץ איז ביי מיר היינט צעשטראַלט
און קלאָר איז פאַר מיר אַלץ און ציכטיק,
קיין שאטן פון ערגעץ ניט פאַלט.

באָדט זיך אַ וועלט אין איר שיין,
אפן פאר אלעמען פריי,
פארשכור׳ט די לופט איז ווי ווין,
וואס שטראָמט ווי אַ כשוף פארביי.

פון ווייטן דיר עכאָ׳ט געזאנג
פאַרפלאָכטן אין באגיניקן צווייט;
אַ זילבערנער פריידיקער קלאַנג
צאפלט דיר אונטער די טריט.

און דער גאַנג! אזוי לייכט, אזוי גרינג
איז היינט נאך ווי קיין מאל געווען;
פלינק ווי אַ הירשן איך שפרינג
צו העלן פון צויבער־געגנען.

קלאָר מיט די בליקן פאָרויס
שנייד איך פאַר מיר אויס אַ וועג;
אין טיפן פון וואַלדיקן גרויס
שלייף איך מיינע בליאיקע טעג.

און דער טאג! אַזוי ריין, אַזוי קלאָר
איך ווייס ניט וואס קלערער קען זיין?!
די ריינקייט פון אייביקן וואר
פארמאגט אין איר תוך אַזאַ שיין.

איז מיר וואויל, איז מיר גוט אין אַ וועלט,
וואס ווייס ניט פון שאטנס און נאַכט, —
נאר אייביקע זונען-ליכט קוועלט
פון הערצער צו הערצער געבראַכט.

פאר דעם איז דער מאָרגן היינט ליכטיק,
ווייל הארץ איז ביי מיר היינט צעשטראַלט;
כ׳פיל, אז מיין זיין איז דאָ וויכטיק,
ווען טיף אין מיר ליד אויפגעשאלט.

# זאָרגלאָז ווי די בערג.

זאָרגלאָז ווי די בערג,
פריילאך ווי די וועלן,
טעג מיינע קומט אויף
יוגנט־צייט צעהעלן!

כ׳וויים! ניט לאַנג פארבלייבט
די יוגנט - צייט אָ דאָ.
אַמאָל אַ יאָר און צוויי,
און אמאַל ניט מער ווי אַ שעה.

דאָך גוט איז אויך די שעה
פון העלן יוגנט - שפרונג, —
אין צייט פון לייד און פיין
טרייסט אַ ווייטע זונג.

די ווייל, דער זינגיק ווייל,
איך דארף אָט שוין, אָט איצט!
ווי דער, וואס זוכט אין נאַכט
די ווייטע בלויז וואס בליצט.

זאָרגלאָז ווי די בערג,
פריילאַך ווי די וועלן,
טעג מיינע קומט אויף!
יוגנט־צייט זאל העלן!

# אַ ווילדע גענזנדל:

אַ ווילדע געזינדל פון ווינטעלאַך בינדל
פריי זיך צעלאָזן וויו־הו-ו- !!
רעש׳ט דער אַלטיטשקער דרויסן צעבייזערט:
וואס איז איצט פאַר אַ שטיפן, אַ וואו??!

יאָגט זיי דער אלטער, דער גרויער, דער הערבסט,
נאָר זיי, די מחבלים, שוין וואו-ו...
ווייט איבער בערג, שטיינער און פעלזן
הערט זיך אַ וואָיען וויו ־ הו־ו...

יאָגט ער צו בערג—זיי טאַנצן אין טאָל שוין
און פייפן צעזשוליקט זשו-הו־ו־ו...
שפרינגט ער אין טאָל,־ זיי שווימען אין ים שוין
און שפּאָטן מיט כוואַליעס בו־הו-ו־ו..

קרעכצט ער, דער אַלטער, מיט וואָלקנדיק פּנים
טרערט אַן אַן אויפהער נו־נו־!!...
אַ צייטל, אַ הפקר! אַ וועלטל אַ פרייע!
—הילכן יונג־ווינטן—קומט צו!...

# פרילינג.

ווינטן פון ים
טאַנצן אויף בערג
און שפּילן מיט פּייפּאַלאַך צו;
פרילינג געבלי
אין זוניקער העל
שפּרייט זיך אין זינגיקער רו.

בלומען אויף ס'נייַ
שפּראָצן אַרויס
און גראָזן זיך טוליען ביי־ נאַנד;
אין אייביקן מאַי
פון פרילינגן בלויז
בליט עס און וועלקט נאָכאַנאַנד.

צייטיקן מאַנגעס,
פלאַטענעס געלן,
סאַפּאָטע און גואַנאַוואַנאַ רייפן;
טוליעט זיי איין
א גאָלדערנער הערבסט,
ווען פרילינגן—צווייטע זיך שלייפן.

פאַלן די בלעטער
אין ווינטיקן ריס,
און דאָ גאָר קנאָספּען אויפבליקן!
בליאונג און וועלקונג
צוזאַמען געמישט,
איינס אין די צווייטע זיך שטריקן.

אין אייביקן בליען,
און אייביקן וועלקן,
ביזטו, קובאַ, געבענטשט, צו פאַרשאָלטן?!
ביימן די פאַלמעס,
די וועלקיקע קרוינען,
וואס זיינען פון ווינטן געשפּאָלטן,

און ציען אָן נייע,
גרינינקע, יונגע
ארויף אויף די דינינקע טאליעס, —
ווי יונגע מולאַטקעס
אין ווייסינקע שלייערס,
אין נעכט, ווען זיי זיינען די כלות.

ווינטן פון ים
מיט פייפל און בערג
טאַנצן דעם פרילינג־ליד אויס,
ס'צייטיגט די פרוכט,
וואס האט שוין געבליט! —
און רופן ניי־בליהונג אַרויס.

# ס'פּעלט אין מיינע לידער דער ווינטער.

ס'פעלט אין מיינע לידער דער ווינטער,
די שטילינקע ווייסקייט פונ'ם שניי,—
פאר דעם האב איך אייביקן פרילינג
און זוניקן קלאָרן אויפגיי...

ס'פעלט די אייזיקע שירה
אויף שטומען פאַרפרוירענעם טייך,—
פאַר דעם האב איך שטראַליקע לירע
און ערדישע קלאַנגען רייך.

ס'פעלט דער קלינגל פון שליטן
וואָס גליטשט זיך אויף זילבערנער ברייט,—
פאר דעם האב איך קלינגלען אָן אויפהער
פון גרילן און פייגל צעשפּרייט.

ס'פעלט דער הילביקער קראכן
פון אייז, ווען פרילינג געגעענט,—
פאר דעם האב איך פריידיקן לאכן
פון פאַלמע און הויכן וואָס ברענט.

ס׳פעלט אין מיינע לידער דער ווינטער
אין ווייסן פאר׳חלומ׳טן טויט,—
פאר דעם האפּ איך טרוימישן לעבּן
אין שפּראָציקן אייבּיק צעווייט...

# ליגט אויסגעצויגן שיף.

ליגט אויסגעצויגן שיף ביים ברעג פון ים
און פיפקעט, פיפקעט, פיפקעט אויס אַ רויך;
שטיי איך פון דער ווייטן טרוימיש בלייך,
קוק און קוק, און קוק ארויס אין ים.

בלאנקט אַ זעגל ווייט אין האָריזאָנט,
מאָלט און מאָלט, און מאָלט וויים אויף בלאה;
סעקונדיק פליען אָפּ מיר שעה נאך שעה,
אין האַרצן נאָגט מיר, נאָגט מיר, נאָגט און מאָנט.

דער לעצטער שיין פאַרזונקען אין דער טיף,
טונקלט, טונקלט, טונקלט מיט מינוט;
זינגט מיר אויף אַ קדושה'דיקער גלות
פון שטערן, שטערן, שטערנ'דיקער שטיף.

ליג איך צוגעשמידט לעם ים'יק ברעג,
ניט ריר, ניט ריר, ניט ריר זיך! פליושקעט וועל;
ביז נאַכט פארגיין און טאָג וועט שטייגן העל
שטיל דאָ, שטיל דאָ, שוויג, ניט פרעג!

פאָלג איך ים, וועל און האַרץ וואס זאָגט,
שוויג און שוויג, און שוויג אין זינגיק שטיל;
אין רחבות פליסט מיין הייליקער געפיל,
שטייג און שטייג, און שטייג, עס האט געטאָגט!

# בּאַרג און ים.

קוקט דער בּאַרג אריין אין ים,
שפּיגלט זיך אין בּלאה,—
זעט ער טאָל אין שפּיגל גרין
און ער-פאַרכאָרנעט גראה.

וואונדערט זיך דער שפּיץ אין הויך
פאַר־וואס אזוי זאָל זיין?
בּערגער ריזן טונקלען הויך,
ווען טאָל זיך טונקט אין שיין.

ענטווערט אים אַ כוואַליע אָפּ:
הויך איז ניט דאָס הויך!
טיף... אין טיפעניש אַראָפּ
ליגט די העכסטע הויך.

אין דער נידער שפּרודלט זאפט
בּליט עס, בּלומט און העלט;
פון די טיפן קומט די קראַפט
איבּער גאָר דער וועלט!

שטומט דער באַרג בײַם ברעג פֿון ים
און ער פֿרעגט ניט מער;
טרײסט אים װען אַ װאַל ארויף
אין פֿאַרטראַכטן קלער...

# דער שווימער.

די הענט פאָרויס געוואָרפן,
די קאָפּ אין דר'הויך פאַריסן;
די פיס צוריק געבריקעט
און כוואַל - זי ווערט צעריסן!

אַזוי, אָ, דאַרף מען שווימען!
און נאָר זיך ניט געשראָקן!
וועט ים זיין דיין געליבטע
מיט כוואַליעדיקע לאָקן.

און יעדער וועל - ווי פינגער —
וועט לאַשטשען דיר און גלעטן;
און פילן וועסט זיך אינגער
אין וואַסער - פוך געבעטן.

און קושן וועסטו קריגן
פון שפּריצנדיקע שוימען;
פאַרכשופ'טער וועסט ליגן
אונטער פרייע רוימען.

ווי אַ קינד אין מאַמעס אָרעם,
וואס ווערט צום ברוסט געטוליעט, -
וועסטו אין ים זיך שווימען
אַ גליקליכער צעהוליעט.

# דער וועג צום שטערן.

שנייד ווייס - שיפל
שוואַרצע כוואַליעס
שרעק זיך ניט פאַר ים!
איך וועל וועג
פאָראויס באַלייכטן
מיט מיין גלויבן - פלאַם...!

פילקעט, שליידערט,
בערג׳ט און טאָל׳ט,
גרונט דיר ציט צו זיך, —
לאַך זיי שיפל
טאַנציק אויס!
דער שיפער דיינס בין איך.

גיפטיק שוימען
ווילד צעכראַשטשעט
פליקן דיר און קערן, —
ווי אַ טייבל
שטילע שיפל
שווים צום רוף פון שטערן...!

בלינדער חושך
אין געשטורעם
וויל אין תהום פאַרשלינגען,—
זאָלן שוואַרצן
די אַרומען,
מיר וועלן אויפזינגען!...

איבער שטורימס
נאַכטיק תהום׳ען
איז דער וועג צום שטערן;
פאָראוים שיפל
זיך געריסן,
ביז ס׳וועט העלער ווערן!...

ריזן כוואַליעס
ים טיטאנען,...
אָ, ווי שוואַך איר זיינט!
הויך אין ווייטן
פאַרביק מיניעט,
אונזער שטערן שיינט...

# אין ערוואַרטונג.

די זון פאַרגייט...
געליבטע שטייט
און וואַרט דאָרט בײַ דער טיר;
אין בײנקען גליט
נאָך זײנע טריט,
נאָך זײנס אַ שאָרך, אַ ריר.

די זון צערינט...
אין האַרץ זיך צינדט,
ער קומט געוויס צו גײן;
פאַרנאכט פארטליעט
מיט רויטן צווײַט,
ער קומט צו מיר אלײן...

די זון ניטאָ,
שוין באלד אַ שעה: —
אַוואו איז ער, אַוואו?
פון וואנט צום טיר
—אין ווײ־געפיר —
זי לויפט אַרום אָן רו.

די זון גייט אויף
מיט פלינקן לויף,
אַ נאַכט ווי אַ יאָר אוועק;
צו קומט ער ניט
מיט מאָרגן טריט?
אַ נאַכט געיאָגט פון שרעק.

די זון צעפלעמט
זי ליגט פארשעמט
און גריזשעט זיך אין קלעם:
אַ הארץ—אַ צארטס
געזאָגט מיר ווארט,—
היינט גיי, פארשטיי, באנעם...

די זון פארגייט
מיט שפיל פון פלייט,
אַ נאכט פון ווייטן ציט,
אַ ווינטל ווייעט
פון פרייער בּרייט
און קושט איר אויס די טריט...

# מיין נישט איך בין אַזאַ שלעכטער.

מיין נישט איך בין אזא שלעכטער,
וואָס קוק אַזוי בייז איצט אויף דיר, —
פאריאָגט פון מיין הארץ־טיר דעם וועכטער
האָב איך, אליין, היינט אין מיר.

און איצטער איז אָפן פאר אלע
דער ארייננאנג צום הארציקן טיף;
איך בין אַ פארשאָלטענע סקאלע,
וואָס זינקען לעם מיר מוז אַ שיף.

אָ, גלויב מיר! אָ, מיידל, נשמה!
מיין הארץ־קוק איז אָפן און פריי, —
איך ווייס ניט ווער שווארצט עס דעם בליק מיר
ווי קאלטער, פארגליווערטער בליי.

גלויב נישט מיין קוק פון די אויגן,
קוק מיר אין הארצן אריין!
דערזען וועסטו זיך אויסגעצויגן
אין שויז פון מיין הייליקן שיין...

נעם מיר אריין אין דיין אָרעם
און דריק מיר צו נענטער צו זיך, —
דערפילן וועסטו מיין נשמה,
ווי אַ שיין פון דיין זוניקן איך...

# אַ לאָדקעלע אַ קליינינקע.

אַ לאָדקעלע אַ קליינינקע,
אין גאַנצן זאַלבע־צווייט;
אַ ווייסינקע, אַ קלאָרינקע
און הערצעלע דערפרייט.

וואַסערל—אַ שטילינקער
שעפּשעט בײַ דעם רול;
אַ ווינטעלע, אַ קילינקער
פלאַטערט ווי אַ טול.

אַ נ׳געלע אַ זילבערנער
טראָגט זיך אין דער הויך;
אַ שטערנדל אַ גילדערנער
צינדט זיך רויק, בלייך.

אַ ווענעלע אַ שמאָלינקע
שניידן מיר פּאָראויס;
שפּאַלט זיך אויף אַ ווײַלינקע
דער וואַסערל נאָר בלויז.

און אָפּגעמעקט ווי קיין מאָל ניט
אַ שיפעלע פּאַרביי, —
קיין סימן ניט פון רודער שניט
אין דער בלויער פריי.

אין האַרצן נאָר אַ בייַנקענעש
פאַרבליבן איז אויף לאַנג:
פון וועלכעלאַך אַ שווינקענעש
אויף לאָדקעלאַך אין גאַנג.

ציט אין איינזאַם צימערל
צו לאָדקעלע אין פריי;
אַ טראָפּנדיקער שימערל
מוטיקט אויף דאָס ניי

און גרינגער ווערט דער לעבן דיר
אין ראַנגלענעש פון צייט;
פיר מיר, לאָדקעלע, פאַרפיר
ווייט, אָט דאָרטן ווייט...

# יוגנט פייער.

פאַרגייסטו זון? פאַרגיי!
איך גיי אויף
אויף נאַכטיקע הוליאַנקעס.
ווער דאַרף אַ טאָג,
ווער דאַרף אַ זון?!
לעם זודיקע קובאַנקעס.

די בלוט צוגליט
אין ריטמיש לויף
און ליפּ צו ליפּ זיך שטרעקן;
פאַרגיי דו זון!
און קום ניט מער
פון זיסער נאַכט מיר וועקן.

בריסט האָט זי
מאַמיי־ראָז זיס
און שטייף ווי קערן אירע,
אַליין איז זי
אַ ווילד געוויקס
און זינגט מיר צאַרט ווי אַ לירע.

כ׳נעם איר אום
און פלעכט זיך איין
ווי צוויי געוויקסן שטילע;
די בלוט אין אונז
קאָכט און זידט
און פייערט אויס א תפלה.

פאַרגיי דו זון
איך דאַרף דיר ניט,
ס׳קומט קובאנער נאכט;
לבנה זינגט
מיט שטערן צווייט
א ליד אין זיך פארטראכט.

# די פּאַלשע.

אונטער בּרייטע טאַמאַרינדאָ צווייגן
בּיים אָוונטדיקן ווינטל שפּיל,
זיצט די יונג־שלאַנקע מולאַטע
לעם דעם שוואַרצן איר געליבּטן
און זי קושט אים הייס.

אויבּן וויגן זיך די בּלעטלאַך
און זיי קושן זיך פארתאוה׳ט
שעפּשעט שטיל צו אים מולאַטע:
טאַנץ אַרויף מיין שוואַרצער, שיינער,
פליק פאַר מיר אַ פולן צווייג...

פּלינק ווי אַ קאַץ ארויפגעשפּרונגען
און ער בּרעכט אַ צווייג אראָפּ;
זי קוועלט און גלאָצט ארויף צו אים
ער שפּאַלט דעם סטראָנטש
און וואַרפּט אין מויל איר טאַמאַרינדאָ קערנער

שטילער קילער אָוונט ווערט,
אויגן גלאַנציקער צעפלעמט,

ציין ווי שארפן בלענד.
זידט די בלוט צעיוכעט
תאוה פייערט אין געבּרויז...

ליבּסטו אמת מיר, דו שיינער,
יונגער שווארצער, פיינער דו?—
לויף אוועק אין שטוב צום טאטן
און דערציייל אים אז כ'ליב דיר
זאָל ער צושטימען דערצו.

ווי ווינט איז ער אַוועקגעפלויגן
און ער שטייט שוין דאָרט ביים טיר
קניט און תפלה'ט צו דעם אלטן:
לאָז אריינגיין מיר צו בעטן
פאר נשמה מיינס, דיין טאָכטער!

. . . . . . . . . . . .

א מעסער בלאנקט—אין שווארצע ברוסט...
ער לויפט מיט וואונד אין בלוט צו איר...
דער בוים אליין אין נאכט ער שווייגט...
זי איז ניטאָ, די פאלשע זי...
טרינק דו בוים מיין ליבע-בלוט...

# אויף דער ווייסער וועג.

אויף דער ווייסער וועג
צווישן שטילע בוימען,
אונטער שטערניק הימל
פול מיט יוגנט-טרוימען,—

האָב איך האַרץ געלאָזן
היינגענדיק אויף צווייגן,
און זי וועט ניט רוען
און זי וועט ניט שווייגן.

שטענדיק דיר וועט זוכן
מיט דיינע פונקען-אויגן,
און די פלאַמען-ליפּן,
וועלכע גלוטיק זייגן.

וועט אַ ווינטל קומען,—
צווישן בלעטלאַך שטילע
אָפּ פאַרביינקטע סטרונעס
אויסגיסן אַ תפלה,

און צוריק די נעכט
פון קױשעדיקע װעגן
מיט זינגנעדיקע שטערן
ניין װעלן אונז אַנטקעגן.

# אַליין ווּעסטו בליִען איצט פּאַלמע.

אליין ווּעסטו בליִען איצט פּאַלמע
און איך ווּעל שוין זיין ווייט אַ וואו;
טיף אין מיין האַרץ ווּעט זיך בּיינקען
נשמה ט׳ניט האָבּן קיין רו.

די ווּעגן זיי טיילן פּאַנאַנדער,
די שטרעקעס נאָך ווייטער פּאַרוואַרפן;
אום זען דיך אין ליכטיקן העלן
ווּעל אין איינזאַמקייט חלום׳ען דאַרפן.

ווּעלן נעכט קוועקזילבּערנע שווימען
און פליושקען מיט יונגינקע קלאַנגען,
געדיינקען זאָלסטו מיר דאַן, פּאַלמע,
אָן מיינע, די שטילע געזאַנגען.

אויף יעטווידער בּלעטל און גרעזל,
אויף יעטווידער שטיינדל און שטויבּ
ווּעט ווייען מיין יונגע נשמה
ווי אַ ווייסע, פּאַרחלום׳טע טויבּ.

כ׳וועל דיר, און מוז דיר פאַרלאָזן,
אזוי ווי די זון מוז - דעם טאָג;
ניט פינסטערן וועל איך אין טרויער,
ווי שקיעה וועט גליען מיין קלאָג...

פורפור, פיאָלעט, בלוי און רויט,
צוזאַמען געגאָסן געמישט;
טאָג דו, מיין העלער פארגייכט,
דאָך שיין ניט געבלענדט האָט אומזיסט!

געטונקט האט אַ וועלט זיך אין ליכט
און אַלץ האָט געזונגען פון פרייד;
געשטראַלט האָט פון יעדנס געזיכט
און צוזאַמען די הערצער פאַרנייט...

און איצטער פאַרלאָזן מוז איך
מיין פאַלמע, מיין יוגנט, מיין קריין!
נאָר האַרין וועט שטענדיק מיט זיך
טראָגן דיין געטליכן חן...

# אַ געבעט צו דער לבנה.

קוקט אויף דיר איצטער די מאַמע,
ווי איך אויף דיר איצט דאָ, איר זון;
כ׳פיל אין דיין גרין בלאַסן בליק,
ווי זי וואָלט דאָרט וויסן דערפון.

דו לייכסט מיר היינט אַזוי האַרציק,
ווי מאַמע וואָלט האַרץ דיר פאַרטרויט;
ווייט איבער ים׳ען צו טראָגן
אין נאַכט אויף אַן אינזל וואָס בלויט.

לבנה! נאַ דיר מיין האַרץ אויך,
טראָג איר דער מאַמען אַוועק
און זאָג איר: דער זון האָט געשאָנקען
פאַר איר זיין גאַנצן פאַרמעג.

ווער מאַמע מיין האַרץ ניט וועלן
ניט ברייינגען זאָלסטו איר צוריק:
אויב איר וועט מיין האַרץ ניט געפעלן
צעריים איר אויף שטיקלאַך, צעפליק.

כ׳ווייס ס׳איז דאָ אין איר פלעקן
נאָר ווער האָט פלעקן דען ניט?
אויך דו האָסט אליין דאָך לבנה
פלעקן פון טייוולשע טריט.

איך בין אויף זינדיקער ערד דאָ
דורך ליידן אכזריות צעטראטן:
און ס׳האָבן יסורים אָן אויפהער
מיין נשמה אין פיינען געקנאָטן.

ווי האָב איך געקענט האַרין פאַרהיטן
זי זאָל זיך אין שמוץ ניט פאַרפלעקן,־
ווען אַרום זומפּן ־ לעבנס צעשטריטן
און בלאָטעס די ריינקייט פאַרמעקן.

זאָג איר, אַז מער ניט פון אויבן
פאַר׳חושב׳ט איז זי און פאַרשוואַרצט,
טיף אין איר גרונטיקן גלויבן
איז ווייס ווי אַ מלאך מיין האַרץ.

טראָג איר אַוועק מיין מתנה
כ׳האָב איר אויף אייביק געשיינקט:
דערצייל איר אויך בלאַסע לבנה:
ס׳האָט זון זיך נאָך מאַמען פאַרבּיינקט.

# כ׳האָב אַ מאַמען איבער ים׳ען.

כ׳האָב אַ מאַמען איבער ים׳ען
קען איך צו איר איצט ניט קומען,—
שרייב איך איר אַ האַרציק בריוול
פון דעם טיפן קלעם גענומען.

בּיינקט זיך ווייטאָקדיק אַ ווײַלע
כאָטש איר מילדן בליק פאַרנעמען;
זוכן אויגן האָריזאָנט טיף
אין פאַרנעפּלטע געקלעמען.

פאַלן טרערן אויף דעם בריוול,
קען איך מאַמען אים נישט שיקן,—
טאָמער וועט זי דאָרט דערקענען
נאָך די פלעקן מיינע בליקן...

קען איך מאַמען ניט דערציילן
נישט דורך רײדן, נישט דורך שרייבן, -
מוז אין בּיינקענעש פאַרשטילן
און בּיים טרערן בריוול בלייבן.

# מיין אוצר.

איבער טייכן, ימים, אָקעאַנען
טראָגט דער ווינטל אוצרות פּערל פיל:
טרערן זודיקע פון פאַרקלעמטע מאַמעס
מיט הערצער בּיינקעדיקע שטיל.

וואָגלען קינדער אין די גאַסן פון האַוואַנאַ,
פון מעקסיקאָ, תל-אביב און בּוענאָס-איירעס
עלנטע, פאַר׳חושכ׳טע אין טרויער,—
לייכטן אויף די טרערן פון די מאַמעס.

גרינגער ווערט דיין יאָכעדיקער אומעט,—
ווען פאַר הונגער בּלאַנדזשעכט אום אין נאַכט
און האָסט ניט וואו אַ שטיין, דיין קאָפּ צו לייגן,
פילסט אין וועלט נאר איינס—דיין מאַמע וואַכט.

אלע אוצרות זיינען זאמדיק, שטויביק,
נאר איין אוצר איז אין אייביקייטן דאָ,—
אַ מאַמע! כיי פון ווייטן און פון נאָענטן
העל בּאַלייכט דיין פינסטערדיקע שעה.

# קוקט אַרויס אַ מאַמע.

אין אַ קליינע שטעטל
ווייט איבער ים׳ען
פון אַ גרויע הייזל
דורך אַ כמורנעם פענסטער
קוקט אַרויס אַ מאַמע.

אויגן צוויי פאַרטרערטע
הערבסט׳עדיקע נעכט—
מיט בליקן ווי לאַמטערנס
אין אַ בלאָטיק געסל
פון דעם ווינט געטרייסלט.

ציטערן די שויבן
פון דעם ווינט געריסן
און עס יאָמערט דרויסן:
כ׳האָב געבאָרן קינדער
איצט וואו זיינען זיי?

פאַלן שטילע טרערן
אויף דעם פאַרמעט פנים

וועבט זיך אויס אַ שנירל,
אַ געזאַלצן פאָדעם
פון יסורים קלעם.

וואָלט מיר דאָרט אַ בריוול
כאָטש מיין קינד געשריבן,־
נישט אַזוי געוויטאָקט
נישט אַזוי געבלוטיקט
מיין איינזאַמדיקע עלטער.

שטייט אַ קראַנקע מאַמע
ביי אַ נאַכטיק פענסטער
און זי לעשט דעם פייער
—פון איר עלנט ביינקען—
מיט די שטילע טרערן.

# קדושה קרעלן.

אויף דעם ווייסן פּאָדעם,
וואס מיין פרומע באָבע
האָט איר פּערל קרעלן
מיט אַ תפלה ציטער
אין דער נאַכט געצויגן,—
קום איך ווייטער ציען
אויף דעם אַלטן שנירל
מיינע נייע פּערל,
מיינע פלאַמען - קרעלן
פון דער יוגנט ברוסט.

צי איך איינס נאָך איינעם
און ס'שטערנען בליציק
ווייטער, טיפער, שענער
אַלע פאַרבן מיניען
אין געכוואַל פון טענער;
בלענדעט שנירל קדושה
אין אַרומיק טומאה
פון אַ תאוה - זיד,
ווי אַ שטערן תפלה
דורכן שוואַרצן גרונט.

צי איך ווייטער, צי איך,
דאס וואס מיר געגעבן
ס'האָבן אַלטע דורות
אויף דעם זעלבן שנירל
קרעלן, פּערל - קדושה
אין זייער צייט געצויגן.
צי איך מיינע היינטן,
און אַזוי די מאָרגנס
וועלן נייע דורות
ציען קדושה-קרעלן.

# אַף נייע וועגן.

נייע וועגן וועל איך זוכן, —
וואו צעלאָזן מיינע פערדלאך
זאָלן לויפן פרייע בליציק
איבער בערגער, איבער טאָלן;
און פאַרגעסן אלע נעכטנס,
אלע ליידן, פּלאָגן, זאָרגן —
אלע בלוטיקע געשרייען,
אלע פינסטערע אַמאָלן.

זאָלן קוסטעס זיי פאַרפּענטן
—פון געוויקכיקע באַגינענס—
וואו אין טרוימערישע שעה'ן
טרינקען זאפטיקע זון-שטראַלן, —
וועל איך וויסן, אַז דער מאָרגן
וועט אַ ליכטיקער—אָן זאָרגן—
איבער היינט אַריבערשפּרינגען,
און זיך הילכעדיק צעשאלן.

# עס זינגט דער האמער.

עס זינגט דער האמער
זיין מאָרגן שירה
אין צייט פון אַרבעט,
פון זיסער מי ;
געפּענטשטער מוסקל
באזיגט דעם אַייזן,
הויבט און שווינגט
אין פלינקן צי . . .

שפּריצן פונקען
—העלע שטערן—
אין שווארצן חלל
מיט געבלענד ;
ווערן מוטיקער
אין קוזניע
פון דעם שמיד
די יונגע הענט.

ווערן אַייזנס
אויסגעקנאָטן

און כע בלישטשעט
שארף פון בראָנע ;
ס'האט דער שמיד
היינט פאַרן מענטשן
אויסגעפורימט
אַ מתנה . . .

קלינג אויף, האמער,
העכער , העכער !
זאָל דערהערן
מענטש דיין שטים !
מער קיין שווערדן
און קיין שפיזן ,
אַ סערפּ און האמער
שאַרפסט פאר אים ! . .

# רייטער פון שטורמישע וועלדער

זילבערנע פינגער אויף גאָלדערנע סטרונעס,
אויף נאַכטיקער לירע,—זוניקן ליד;
עס רייסן זיך שטראַלן דורך אלע שפּאַרונעס,
עס קלינגען פון ווייטן די זיגערשע טריט.

אַ נאכט זיך געראנגלט מיט ווילדע געשפּענסטער,
געבלוטיקט, געוווינטאָקט,—געמיינט אַז שוין טויט;
צעעפנט וואָס גיכער די טירן און פענסטער,—
די העלדישע מהנה אויפטאָגן זי גייט . . .

דאָרט ליגן הרוגים, ווי מיסט אויף די פעלדער,
קרעכצן און גסיסה׳ען הערצער פון יוגנט,—
נאָר מיר—די רייטער פון שטורמישע וועלדער—
פּאָראויס וועלן ציען, און קיינמאָל בעגוגנט . . .

ציקלאָנישע ים׳ען אין אונזערע בלוטן,
זודיקער אויפשוים—אין קראטערשע ברוכט,—
מיר טרייבן און יאָגן און קעמפן צום גוטן,
דער שונא, דער שוואַרצער, האט פאַלן געמווזט.

פון גרוי האָריזאָנט אונז אנטקעגן געקומען
זוניקע שטראַלן פון מאָרגנשיין שפּראַץ, —
מיר האָבן די שטראַלן אויף שפּיזן פאַרנומען,
מיט זיי דורכגעשטאָכן דעם שימל און ראָסט.

און איצט — אויסגעליטערט לעם זילבערנע טייכן
פויען מיר אָן די הירשיקע פערד, —
און ווייטער געריטן צו פרייהייט און גלייכן,
ביז זיין וועלן אלע גלייך אויף דער ערד.

און מענטש וועט נישט גריזשען דעם שטיין פון דער וואנט
ווען אַ צווייטער וועט שלינגען זיין פלייש און זיין שווייס, —
איין ווילן וועט פירן פון האַרץ צו דער האנט,
ניט זיין וועט קיין חלוק פון קליין ביז גרויס.

אלע — ווי ריזן — אויף דער ערד וועלן שפּאַנען
מיט מוחות באפרייטע פון זאָרג און פון לייד, —
און וואו נאָר אַ ישוב אויף דער וועלט איז פאַראַנען,
וועלן לידער פאַרשטראָמען פון ווייט אין דער ווייט.

# ניט פאַרשלאָף אָט די צייט!

ניט פאַרשלאָף אָט די צייט!
זי איז שוין דאָ, זי הויבט אָן!
אָט שוין באַלד אויף דער וועג
מיט אַ ריס, מיט געפלי,
—אונטער בלומען געפלייץ—
זי קומט אָן, זי קומט אָן!

זי טראָגט אַזאַ ציל,
אַזאַ הייליקן, ריין
—פאַר אַ וואונד אין אַ האַרץ,
פאַר אַ טרער אין אַן אויג,
פאַר אַ קלעם אין אַ טיף—
מיט אַ הימל׳שן חן...

זיך געגרייט, זיך געגרייט,
אין דער פריי, אין אַ ריי,
צוזאַמען געקניפּט!
אויף באַגין מיט אַ זונג,
אין פרילינג׳דיק טראָט
צום יונגן אויפ-ס׳ניי...

ניט געשוכט, ניט געפּוצט,—
אָט אַזוי, אָט אַזוי:
מיט באָרפעסן גאַנג,
מיט דאַטשקענע קלייד,—
קומט אַרויס מיט געזאַנג,
אויף געקוועל, אויף געפריי! ..

ס'איז אַ יום־טוב פון וועלט
נאָך אַ פינסטערע צייט
פון אונענדליכן יאָך,—
איז געשפּריצט און געפּליצט
מיט אַ שטערנישן מלי
אין נאָענט און אין ווייט ...

# חברה יונגען.

נו! ס׳איז שוין נאַכט, איז וואָס? —
קען איך, שטערן יונגער, דען ניט שיינען?!
שוואַרצט דער דרויסן אין געקנויל, —
זאָלן ניט שוימען מיינע ברויזנדיקע וויינען?!...

שוימט איר כוסות! איך האָב ווין גענוג,
ס׳וועט פאַר אַלעמען אין נאַכטיק דאָ־זיין קלעקן;
קלינגט קריסטאַל קלאָר אונזער פריידן הויך, —
ס׳וועט אונז קיינער קיינמאָל ניט אָפּשרעקן...!

מיר זיינען יונגען מיט אַ פייערדיקן ברען,
קענען וועלטן מיר פאַר׳חורבענען, — פאַרפלעמען,
און די תהום׳ען איבער הימלען איבערניסן
און פאַר מענטשן און פאַר געטער זיך ניט שעמען..

אַלץ איז אָפּהייניגיק אָן אונזער ברויזיק ווילן,
מיר זיינען רודערס פון אויפגאַנגען און פאַרגייען
ווילן מיר: - איז וועלטן און געשפּילן..!
ווילן מיר: - איז וועלטן און געוויינען!..

חברה יונגען !, הויבט די כוסות, איך מיט אייך !
אָט אַזוי אָ, זאָל די פרייד אין וועלט פאַרקלינגען !
ס'איז אַ נאַכט אַרום אין יאָמערן פאַרפיינט,—
וועלן מיר אויפטאָגיק - זונג צעקלינגען...

# אין פלאַם.

וועמעס פייער פעלט אין פלאַם דאָ?
זאָל ער ברייננגען גיכער, גיכער!
יעדער שפענדעלע איז הייליק,
אין דער וועלטן פלאַקער־שעה.

אַף צעשמעלצן דורות־ווייען,
די אין יאָמער־טאָל פאַרקליבן, —
דאַרף מען ים׳ען—יוגנט־טליען
אין אַ פאַקל־ריז צעווייען.

שפענער, בלאָנקעס, זעגאַכין, ריטער
קומט אין פייער זיך פאַראייננמן!
אייזן, שטאָל מוזן צעגיסן
מיר—באַינעגדיקע ריטער.

אַף די לאָנקעס, פעלדער, גאַסן
זאָל ניט צאַמען קיינע דערנער,
אין גאַלאָפּ פון פרייהייט קעמפער,
אין געפלי פון ריטער־מאַכן.

קומט פאַרפרענען יעדן צאַם,
אויסצוראָטן וואו נאָר שטערונג
מיט אונזער ברויזנדיקע מוט
פון אונזער פייערדיקן ים!

זאָלן קראַכן די קאַנאָנען!
מיר האָבן הערצער אויפצונעמען
אַלע וואונדן גאָר דער וועלט׳ס,—
ביז צום ציליק־אָרט געגעגען.

פאַלן טויזנט, הונדערט־טויזנטער,
מיר זיינען די מיליאָנען!
זיגער וועלן וועלט צעיובלען,
אונזערע לעגיאָנען!

פונקען, פונקען קומט אַהערצו.
אין איין גלי צוזאַמען שפריצן!
וועט זיך אַלטע וועלט־צעאַשן
און אַ נייע־יונג אויפבליצן!

# קומט, איר זודיק הערצער!

קומט, איר זודיק הערצער,
איך וועל אייך צעצינדן
ליכטער אויף די ווענן
—אין דער טיפער נאַכט־שעה—
צו דעם מאָרגן־טראָט!...

קיינער זאָל ניט פרעגן
ביז ווי לאַנג ס׳דויערט.
מיט דער ברוסט אַנטקעגן
חשך׳נעם געטראָצינגט,
ביז דער מאָרגן גראָט.

איבער קלאָג פון כאָווע,
איבער ציש פון שלאַנגען
זאָל געשפּרייזט זיין, העלדן,
—אָן אַ וואַג פון ציטער—
אין דער תהו־וועלט!...

נאַט אייך ליכטער, העלדן
צינדט, זאָל מערער ברענען!
וואו ס'נאָר אַ שאָטן,
מוז אַ ליכטל העלן
און אַ האַרץ אויפקוועלן...

קומט, איר יונג גבורים,
איצט איז צייט פון פלעמען!
ס'איז געגרייט מזבח!
קומט, קרבנות, גיכער
דעם העל-טאָג אויפנעמען!...

# מיר זיינען דאָ!

מיר זיינען דאָ! מיר זיינען דאָ!
—הער איך זיי אויסשרייען—
מיט שטויב און פּאַק, מיט פּעלזן־טראָט,
מיר, קעמפנדיקע רייען...

מיר זינגן איצט! מיר זינגן איצט!
—ליאַרמען זיי, די ריזן...
מיט פונק און פייל אַדורכגעבליצט,
מיט מאָרגן־רויטע שפּיזן.

מיר ברייננגען גליק! מיר ברייננגען גליק!
אין וואונדיקע ביי־נאַכטן.
אַ רים דעם שטריק! אַ צי דעם סמיק!
מיט ליד דעם אויפגעוואַכטן.

מיר זיינען גרייט! מיר זיינען גרייט!
ביז לעצטן טראָפּן שטרייטן.
ס׳וועט דער פּיינליכדיקסטער טויט
ניט אונזער ווילן בייטן!

מיר שטעלן טריט, מיר שטעלן טריט,
ציטערט אויף איר וועגן!
יוגנט בליט, אין רויטן צווייט
אויף פלאַמיקע געשלעגן...

# נייע קלאַנגען.

נייע קלאַנגען וועל איך וואַרפען
איבער וועגן,
און זיך יאגן צו דעם מאָרגן העל
אנטקעגן!
ביי די הייזלאך פון די שקלאַפען
וועל איך פרעגן,
וויפיל זיינען זיי אַרויס אויף קעמפערישע
וועגן?

וועט מען ענטפערן, אַז ווייניק נאָך,
גאָר ווייניק, —
ווייל דער לעבנס־יאָך איז שווידערליך
און פייניק;
ס'איז דער טאָג א כמורנער, גראָ
און שטייניק,—
וועל איך צעשרייען זיך צום אלעם־ערשטן
זייט אייניק!

און פֿאַרבּרידערטע ווען מיר שוין
אלע
פֿעלזיק זיין ווי אַ ים'יק
סקאַלע,
און טראָגן שטאָלץ ווי אַ שטורמיק
כוואַליע
פֿרייהייט־גליק! פֿון אלעמען—
פֿאַר אַלע...

# מיר זיינען געקומען.

מיר זיינען געקומען
אַזוי ווי מיר שטייען,
אַזוי ווי מיר גייען,
אַזוי ווי מיר נייען,
אַזוי ווי מיר זייען,
אַזוי ווי מיר דרייען
פון וועלטן די ראָד.

און איינס וואָס מיר ווילן:—
אַ לעבן אַ ריינעם,
אַ לעבן אַ שיינעם,
געדריקט ניט פון קיינעם,
אַלע ווי איינעם
אַ לעבן אַ זיינעם
פון אַרבעט און פרייד.

מיר מוזן דאָס קריגן!
אויב ניט - איז געריסן!
אויב ניט - איז געשמיסן!
אויב ניט - איז צעשיסן!

און בלוט זאָל זיך גיסן,
—מיט ריינעם געוויסן—
פאַר וועלטן בעפריי !...

אַ טראָט נישט צוריק !
פאָראויס אין דעם וועג
צו העלערע טעג !
אָן קיינעם געפרעג,
צום וויטן געיעג !
ביז גרויכן דעם ברעג
פון נאַכטיקן עק...

פון וויטן דאָרט טאָגט !..
אַן אונזערער שטראַל...
אַן אונזערער קוואַל...
אַן אונזערער פראַל...
אַן אונזערער וואַל...
אַן אונזערער שאַל
אין הויכן זיך טראָגט !..

# שמידן מיר, בויען און זייען.

מיר זיינען די יונגען
פון וועלטישן פלאַקער
נאָך שטאַרקער, ווי ווען וועלט געזען;
דורך פלאַמיקע צונגען
פון גליהיקן קראַטער
מיר זיינען די לאַווע אין ברען...

אויף בערג צו פליקן
און ים׳ען פאַרמעקן
איז אונזער ווילן געשמידט;
וועלטן צעשטיקן,
וועלטן אויפוועקן
געצילט זיינען אונזערע טריט...

רעש׳ן די ים׳ען
מיט ברויזיקע וואַלן
שרעקן, מיר שווימער, זיך ניט;
פאָראויס צוזאַמען
די כוואַליעס צעקראַלן,
אַ העלישער מאָרגן אויפבליט!..

מיר ווייסן די וועגן
פון טיפסטן תהום,
פון ווייטסטן און העכסטן אין וועלט;
אין נעכט און אין טעג
איז נישטאָ קיין געהיים,
פרייהייט פון יוגנט־בלי קוועלט...

מיר זיינען די יונגען
פון וועלטישן פלאַקער,
לויכטן מיר וואו נאָר מיר גייען;
ס'האָט איצט אויפגעזונגען
דער האַמער און אַקער
שמידן מיר, בויען און זייען.....

# שטראָמען פאַרפלייצן דער נאַכטיקער וועלט.

שטראָמען פאַרפלייצן דער נאַכטיקער וועלט,
אַ טאָג ווערט צעצונדן אין גאָלדערנער העל;
האָט וואו אַ שטראַל אין ערגעץ פאַרפעלט,—
דעם שטראַל פון מיין האַרצן אים ברייננגען איך
וועל ...

ס'טאָר קיינער ניט טונקלען אין זוניקן גאַנג,—
פאַר דעם איז אונז טאג ליכט אויף פריידן געגעבן;
זאָל העכער נאָך טראָגן זיך קנאָספּיק געזאַנג,
ווי אַ זוניקער קריין, וואָס פאַרשיינט אונזער לעבן.

אין קורצע מעת-לעת'ן דאס ביסעלע ליכט
קרעפטיקט אונז, מוטיקט אויף ווייטער און ווייטער
צו שלעפּן, צו טראָגן דעם הייליקן פליכט—
געגרייט זיין צו שפּרינגען קדושים אין שייטער! ..

מיר זיינען די גלויבערס פון ליכטיקע טעג!
מעג זון-ליכט אַ ווײַלע ניט מער זיך באַווייזן
וועט אונז שוין קיינער פאַרפירן פון וועג
אויף וועלכע, מיר העלדן, פאַראייניקטע שפּרייזן..

שטורמישע וואָלקנס, ־ מיר לאַכן זיי אויס!
ציקלאָנען, טאָרנאַדעס, - ווער שרעקט זיך פאַר זיי?
מיר זיינען ציקלאָניקע שטורימס דאָך בלויז,
עס ציטערט די וועלט דאָך פאַר אונזער געשריי!..

אין ליכטיקע העלן מיר זיינען געגרייט
צו קעמפן און שטרייטן ביז ענדליכן זיג;
ווען שונא וועט פאַלן באַזיגטער אויף טויט,
דאַן וועלן מיר זיגער פאַרענדיקן קריג!...

און נאָענט איז דער טאָג! שוין ניט ווייט, שוין ניט ווייט!
און באַלד וועט ער קומען מיט אייביקער ליכט;
אַ געבייט פון דער אַלטער אויף נייאינקער צייט
דערקענט מען אויף יעדערנס שייניק־געזיכט.

ס'איז נאָך קיינמאָל אַ מענטש אַזוי לויטער געווען
אַזוי קלאָר, אַזוי ריין ווי היינט, אָ, ווי היינט!
ווייל ער האָט פון ווייטן דערפילט און דערזען
דעם סוד פון דער ליכט אין קדושה אויפשיינט...

# אין יום־טוב פון בליאונגי

פעלדערשע ריחות אין שטאָטיקן טומל
ווער ברייננגט עס צו טראָגן?
די האַרין ווערט צעעפנט און בליט זיך פאַרנאַנדער
מיט בלומיקן צווייט;
איך לאַך פון מיין אומעט, וואָס האָט זיך פאַרבאַ־
האַלטן
אין אַ ווינקעלע דאָרט,—
פריידיקע קנאָספּען פאַרפלייצן די וועגן
פון מיין איינזאַמן גאַנג...

היינט איז אַ יום - טוב פון יונגע נשמות
אין בליאיקע הערצער!
ווער פון די יוגנט וועט היינט אויף דעם יום - טוב
פון בליאונג ניט זיין?
עס בלענדן דאָך וועגן פון טויזנטער רייטער,
וואָס קומען צו שמחה,
נעגאָסן זאָל ווערן די כוסות צו קדוש
פאַר אַלעמען היינט.

דער טאָג וועט צערינען, ווי אַלע די נעכטנס
אין נאַכטיקן חלל,—
איז גיכער געטרונקען, כל זמן עס שיינט נאָך
די זון אין דיין בעכער אריין!

שפּעטער וועט שווימען אויף פינסטערע פינגער
דיין ליכטיקער וויין
און דו וועסט ווי אַ שאָטן די ווייסקייט פאַרשלינגען
אין פינסטערן תהום...

עס צאַנקען די ליכטער, וואָס האָבּן געצונדן
דעם טאָג אויף דער וועלט,
און בּאַלד וועט עס שקיעה'ן מיט בּלוטיקע וואונדן
אין הימל'שער הויך;
אַ העלישע שרפה צעוויקלט די פלאַמען
אויף האָריזאָנטישן גרונט,—
איז דערווײַלע געהויבּן דעם לעצטן ליכט - כּוס
אויף לחיים - אין דר'הויך.

# לאָזט נאָך זיך דעם רויך.

לאָזט נאָך זיך דעם רויך
אַליין, דו שיף, פאַרשווינדסט:
איך בלייב ביים ברעג פאַרקלעמט
אין רויך פאַרפלאָכטן בלינד

מיט דיר אין אָקעאַן
געוואָלט צוזאַמען גיין;
פאַרוואס פאַרלאָזטו מיר
אויף פעלזן - גרוי אַליין?

אָ, שיף, מיין העלער טרייסט,
מיין וועלטן - צוקונפט טרוים!
אויב גורל מיינס באַשטימט—
פאַרגיין אין וויסטן תהום?—

טו נעם מיין ליד כאָטש מיט
אין פלאַטער פון דיין פאָן!
איך, קעמפער, ליג געשמידט—
דאָך, פרייהייט, זי קומט אָן!..

# מאַטראָזן ליד.

בּ'זיץ אין שטוב און הער זיך איין,
ווי אין דרויסן פייפט דער ווינט;
אַ פייף, אַ שווישץ, אַרים, אַ פליק—
אָט אַזוי אַ טרוים זיך שפינט.

הימל העל אין זון געטונקט,
וואו ניט וואו אַ וואָלקן בּלאַנקט;
קוקט דורך אָפן טיר אַריין
פון די הויכן אַ געשאַנק.

ים איז גרין, מיט ווייסע ציין
שטשירעט אויס דעם ווינט אין לופט;
און בּיים בּרעג אַ שיפל קליין
טונקט אַראָפּ זיך און ארויף.

רייסן זעגלען זיך מיט ווינט
ווילן שווינדן מיט אים ווייט;
ס'האָט פאַרפּענטעט מיר אַ קייט,-
רייסט זיך שיפל און זי שרייט.

פלאַטערט פאָן, ווי האַרין פון שיף,
וויל פון פעלזן - בערג אנטלויפן;
שליינגלט, וואַרפט זיך הין און הער
מיט די רויטע בלוטיק שטרייפן.

ליגט אַ שכור׳ער דער שיפער
און ער פייפט אַריין אין ווינט;
גיט אַ שפיי אריין אין ים
אויף די ווילדע וועלן - הינט.

און ער שמייכלט צו די זעגלען,
וועלכע רייסן זיך און יאָגן:
איך בין שכור, איר זיינט ניכטער,
דאָך וועט איר ניט שיף פאַרטראָגן.

ס׳איז מיין ווילן הייגט צו רוען
אין ליכטיקן האוואנער פאָרט,
וואו די הימלען אייביק בלויען
און די זון קיין ליכט ניט שפּאָרט.

איך בין שכור, איך בין גליקלאַך,
ליד איז ניכטער, ליד איז פריי:
וויפל ים׳ען אָפּגעוואָגלט,
וויפל וואַנלען נאָך אויפסניי?!

פייפט דער ווינט אים צו דעם זמר,
וואס סע פליושקעט זיך פון אים:
איך בין שכור, ליד איז ניכטער,-
כוואַליעט מונטער אויף זיין שטים.

# ווינקען פלעמעלאַך פון ווייטן.

ווינקען פלעמעלאַך פון ווייטן...
שטיל פאַר׳חלום׳ט שפּינט זיך נאַכט;
איבּער בּערג, מיר ווילט זיך רייטן
אין דער שטילער ווייט פאַרטראַכט.

פּאַלמעס טרינקען דאָרט לחיים...
פון דעם זיסן מוי, וואס פליכט,—
ווי אַ הימל־קוואַל, אַ נייעם
וואָלט געעפנט ווער און גיסט...,

וואָלט זיך אויך מיר וועלן טרינקען
גלייך מיט פּאַלמע, גראָז און שטויבּן!
און אין שטילקייט דאָרט פאַרזינקען,
און אין זינקען זיך דערהויבּן...

בּרייטער, וועגן, זיך צעשפּרייט!
פלינקער, פערדל, זיך געטראָגן!
איך בּין, רייטער, איצט געגרייט
אין דער ווייטסטער ווייט פאַריאָגן..

אין דעם כשוף׳דיקן בלענדן
ווי קען שטורם - האַרץ פאַרשטילן ?
וואו איך זאָל זיך מיר ניט ווענדן —
הער איך זינגען בלויז און שפּילן...

שפּין איך אויסעט מיינע טרוימען.
—איבער זינגענדיקע שטילן,
אונטער בליענדיקע רוימען—
פון ביינאַכטיקע געפילן...

טראָ: מיר פלינקער, פערדל, ווייטער!
דאָרטן בליען נייע טענער
פון אַ ברענענדיקן שייטער
אין אַ וואַלד פון רויטע פענער...

און ס׳וואָלט זיך מיר שוין וועלן,
אַז מיין האַרץ זאָל אויך דאָרט ברע
נען !
צו די ליכטיקע געקוועלן
זאָל מיין קוועלבעלע גענענען...

# איר זענט דאָ מײנע ברידער?!

איר זענט דאָ מײנע ברידער?!
איז מיר װאױל, איז מיר גוט,—
פֿון אײך איז מײן פֿײער,
אין אײך איז מײן מוט.

אלײן בין איך גאָרנישט
און װעלטישן זײן,—
מיט אײך בין איך אַלץ,
און אַלץ בין איך מײן...

אַ צונד און פֿאַרלאַשן,
אַלײן בין פֿאַר זיך,—
אין אײך בלײַב איך ברענען
מיטן אײביקן איך...

אַ זונג - און פֿאַרגאַנגען
אין פּוסטיקן רױם,—
מיט אײך זינג איך װידער
מײן אומענדליכן טרױם...

איר זענט דא מיינע ברידער?!
איז מיר וואויל איז מיר גוט,
פון אייך מיינע לידער
אין קעמפערשן וואוט...

# פאַר די יאָרן, וואָס פאַרשוואַרצן.

פאַר די יאָרן וואָס פאַרשוואַרצן
וועלן קומען
טעג פון העלן, טעג פון מאָרגן,
טעג פון בלומען;
און די קלעגער מיט די קרעכצער
וועלן שטומען,
ווען הערצער - פרייהייט לעכצער—
פריידיק ברומען.

אין די טאָלן בלאָנקעט חושך
אין געיאָמער,
און מען שרעקט זיך אין די הייזלאך
טאָמער, טאָמער?!..
נאָר עס שלאָפט ניט און עס וואַכט
אין נאַכט דער שומר,
און אַלעמען וועט אויפוועקן
דער טרוימער...

ס'איז שווער צו גיין אויף וועגן
פול מיט שטיינער...
האָבט ניט וואו צו פרעגן
מענטשל קליינער?—

איז שרעק זיך ניט, נאָר מוטיק
שפּרייז -- אַ ריינער—
דערגיין וועסטו, וואו אַלע
זיינען איינער...

כ׳האָב געזען אַ נאַכט און אויך
אַ מאָרגן,
כ׳האָב געזען די פרייד און אויך
די זאָרגן,
און סוף-כל-סוף האָט ליכט דער נאַכט
דער וואָרגן,—
און סוף-כל-סוף וועט ליכט פאַרטרייבן
זאָרגן...

# ליד פון אַרבעטער.

כוואַליעס ליכט פאַרפלייצן ווענן,
שטראָמען יאָגן זיך אין שיין;
ביי דער אַרבעט הער איך פרעגן:
וואו איז טראָפּן ליכט אויך מיין?..

פון באַגינען ביז אין אָוונט
איינגעבויגן זיץ און ניי;
איך געדיינק שוין ניט די יאָרן,
וואָס איך מוטשע מיך אַזוי...

פרעגט: וואס האָב איך איינגעשאַפן
מיט מיין שוויים און בלוט געבליאָפ?
יאָרן פינסטערע, ווי שקלאַפן
אין די וועלדער וואו געכאַפט.

ווערט אַזוי פאַרגיין מיין לעבן?
ניין! ס'גלויבט זיך דאָך ניט, ניין!
ווען מיליאָנען לעבן, שטרעבן,
מוז מען קעמפן, ברידער, גיין!..

סאַי ווי סאַי איז ניט געלעבט
און ניט געשטאָרבן איצט איך בין;
איז אויב כ׳האָט קיין צוועק מיין לעבן,
וועל איך מיין טויט געבן אַ זין...

כ׳וועל אין פלאַקערדיקן דרויסן
מקדיש זיין מיין גוף,
און נשמה וועט אויפלייכטן
אין דעם פרייהייטדיקן רוף...

וועט מען קערפער מיינס באַגראָבן
אין אַ ברודער - קבר טיף, -
ווען דער מארגן וועט אויפטאָגן
אין אַ זיגערישן שטיף.

און די קינדער וועלן טאַנצן
אויף די בלוט פון זייער טאַטן,
וואָס איז קעמפעריש געפאַלן,
אין דעם קאַמף זיי ניט פאַראַטן...

# אָט אַזוי בין איך געקומען.

אָט אַזוי בין איך געקומען,
נעמט מיך אויף ווי איך בין.—
איך וועל אַנדערש שוין ניט ווערן
אָט אַזוי איך שפּין...

יאָרן פליען, הייליק שווינדן
גוט - צו שלעכט: פאַרמעקט,—
זאָל מען ליכט דערווייל צינדן,
ביז די נאַכט זיך עקט...

מיט דעם מאָרגן אויפשטיין וועט
אַ נייע וועלט אין פרייד,—
ביי דעם ערשטן שטראַלן גלעט
צו קושן כ׳בין געגרייט.

פלינקען יאָרן אָפּ פון דאַנען
נייע פלינקען צו,—
אין די קעמפערשע געשפּאַנען
ליגט דער וועלט׳ס אומרו...

# פיר קוימענס.

פיר קוימענס זיך רייסן
צו בלענדיקע בלויען
מיט סאַזשיקע מיילער
פון רויכיקע צונגען,
וואָס רייסן פון העלזער
—דורך וואונדיקע הערצער-
פון פוילענדע לונגען.

אין בליהיק באַגינען
האָט פייף זיך צעהילכט:
פרייד פון אייזערנע גריבער;
מענטשן מיט בײנקשאַפט
אויף הילע פאַרטאָגן
—ווי מילבן און ווערים—
אַליין זיך פאַרגראָבן.

רויע: זיי שווייסיק
אין אייזערנע לעכער
עגבערן, שפּאַלטן.

און ס'ווילט זיך דערשלאָגן
צו רוהיקע וויילעס,—
נאָר פּאַסן צעפּליען
און רעדער צעיאָגן...

אַ קויטיקע מחנה
אין דעמער פון אָוונט
פאַרמוטשעט זיך שלעפּט
אַרויס פון פאַבריק.
אין רויכן פון קוימענס
נאָך ראַנגלט און צאַפּלט
אַ הערצער געפּליק...

# די שוואַרצע.

בײם בלויען טיר
אין װײסן קלײד
די שוואַרצע שטײט,
וואַרט אויף אים
אין אָוונט שעה.
זון פאַרזינקט
אין טונקל קלעם;
זיך שטערן צינדט, —
ער נאָך ניטאָ!...

ברויט געגרײט,
פלײש געבראָטן,
רײז צעקאָכט,
אין האַרצן ציט...
א וואו איז ער,
מײן יונגער דזשעק?
פון פרי - אַוועק
מיט קאַוועַ אַ לעק
אויף טאָגיק מיה
אין גלי פאַבריק.

אַ קורניק שפּרינגט
אויף גרויע וואנט;
אין בעט ער ליגט
שווין אָן אַ האַנט.
זי זיצט און פלייצט,
און נעצט און שלינגט,
און קלאָגט און שילט,
דעם שלאַנג מאַשין;
דעם גיפט פאַבּריק,
די ווילדע וועלט.
און ער דערקרעכצט
און וויסלט, גלאָצט.
פאַרבייסט די ציין
אין שוואַרץ אַרום,
בּליצט מיט זיי
און וויסלט, גלאָצט...

# די אלטע קעמפערן.

אויפן וועג, אַליין,
גייט זי מיטן פּאַק
פון קיינעם נישט באַגלייט
אין ווייטן דאָרן וועג...

גוסס'ט לעצטער שטראַל
טונקלט אַלץ אַרום;
טרויער־כוואַליע שטייגט
אין נאַכטישן אָנקום.

זי גייט פאָראויס אין ווייט
קיין שאָטן שרעקט איר ניט:
זי איז פון לייד געבויט
פון ווי און פּיין געשמידט..

יללה'עט נאַכט אין גרויל
אויף יעדן שפּאַן און טריט,
אַלץ אין שרעק פאַרציטערט
זי קיין ציטער ניט.

שפרייזט אויף דאָרן שטיין,
בליק פאַראויס פאַרטיפט;
פאַלט און הויבט און גייט,
בלוט פון וואונדן טריפט.

זי גייט און טריפט פאָראויס
פאַרבט מיט בלוט די וועג;
קיין קרים פון ווי זי גיט
ווי גאָרנישט וואונדיק איז.

אָ! וועלכע קראַפט איז דאָס
וואס טרייבט אליין אין וועג,
פילט קיין ריס, קיין פליק
און שפרייזט אין אייגן בלוט?,—

דאָס איז דער גלויבן קראַפט,
אין ציל וואס זיך געשטעלט,—
אַז דאָרטן—מאָרגן העלט,
אַז ווייטן צוקונפט שאַפט...

# ערשטער מאַי אויף רעגלע.

אין שמאָלינקע געסלאַך
מיט פלאַגן צעשפּרייטע
שפּרייזט זיך אַ מחנה
אַ יונגע אַ ברייטע;
אלע פאראייניקט
צו קעמפן געגרייטע
מיט הערצער פאַרפלאָכטן
איינס אין די צווייטע.

הויך איז דער באַרג
און שווער איז צום שטייגן,
קלעטערן יונגוואַרג
ווי פויגל אויף צווייגן;
העכער אלין העכער
זוכן די אויגן:
בייס בוים פון לעבין
די קעפ צו פאַרנייגן.

אָט שטייט ער, אַ יונגער,
פאַרצאמט מיט דראָט,

פינף עקיקער שטערן
רינגלט זיין טראָט;
און ארום אים אַ מחנה
געקומען פון שטאָט
צום הייליקן אָנדיינק
לענין מענש - גאָט.

קליין איז האוואנא
לעם בוימעלע דאָ
און ים אין זיין ברייטקייט
פארלירט זיך אויך דאָ;
אין וועלטישן יום - טוב
פון מאי'איקע שעה
פארלירט זיך די גרויסקייט
אין ערשטן מאַי דאָ...

# ליד פון מאָרגן.

אין באַגינען צו דער ארבעט
און פאַרנאַכט צוריק;
וועלן אַרבעטן מיר אלע, —
דאָס וועט זיין דער גליק.

גענוג וועט זיין צום עסן
שיין באַשוכט, באַקליידט;
טרויער, אומעט—אלץ פאַרגעסן, —
וועלט וועט זיין דערפרייט.

קינדער, זקנים—אלע גלייך, —
קיינעם וועט נישט פעלן;
ווי אַ זון־פאַרפלייצטער טייך
וועט יעדנס פנים קוועלן.

אויגן וועלן קוקן פריי
אין דעם וויטן מאָרגן;
אין דעם וועלטישן באַניי
ווער וועט קלעמען, זאָרגן?

ווי אַ טויבן - פלאַטער ווייס
איבער בלויע הימלען
וועלן יוגנט פאָרלעך - ווייז
ווי די שטערן ווימלען.

און די פויגל פון דעם וואלד
וועלן זיך דערציילן;
סודות זוניקע באשטראלט
פון ביי - נאַכטיק היילן.

יוגנט, עלטער אין איין כאָר
נייע לידער זינגען;
ליד פון אַרבעט, ליד פון מי
ווי איין ברכה קלינגען.

פון מאַשינעדיקן רעש
ביז דעם גרעזלדיקן שטיל, —
וועבן וועט אַ נגון זיך
פון דעם לויטערסטן געפיל...

# נעגער געזאַנג.

נעגערלאך קליינע, ווי שוואַרצינקע טויבן,
שפּילן לעם הויז זיך אין דרויסן;
צינגעלאַך קלינגען, ווי רויטע פאַרנאַכטן,
אַ לידל פון מאָרגן־טרוים גרויסן:—

אַמאָל האָט מען זיידעס אין קייטן געקאָוועט,
געבּראַכט דאָ געפאַנגען אלס שקלאַפן;
און היינט, מיר די קינדער אין קובא געבּוירן,
וועלן די פרייהייט דאָ שאַפן.

ס'קנעכטן די טאַטעס אין צוקער פאַבּריקן
אויף פעלדער פון טאַבּאַק און מינען;
אויף סקאַליקע פעלזן און זומפּיקע טיפן,
טייכן פון שוויים און בּלוט רינען.

זיי, די באַפרייטע,—נאָך שקלאַפישער איצטער
פאַרשמידן אַליין זיך דאָס לעבן!
פאַר נישטיקע סענטן דער רויבערישער לאַפּע
קרעפטיקע יוגנט אָפּגעבּן.

מיר, קינדער פון שקלאַפן מיט טראָפּישע בלוטן,
נקמה, פון אייך וועלן נעמען!
פאַר זיידעס אין קייטן, פאַר טאַטעס אין נויטן —
פאַר מאַמעס און שוועסטער אין קלעמען!

עלטער נאָר ווערן, און פעסטער די פויסטן,
דאַן וועלן מיר גבורה צעשפּרייטן!
ווי לייבן צו פרייהייט אין מעכטיקן ברילן
וועלן מיר פאַנגערס צעטויטן.

און בויען אַ לעבן אַ פרייעס, אַ נייעס
פון ארבייט און ברכה און גליק;
קיין ריסן, קיין פליקן, קיין יאָגן און פלאָגן
קיין פּענטע, קיין קייט און קיין שטריק.

און אלע צוזאַמען אַ לעבן אויסשפּינען
אַ קאָליר - פולע וועלטן - געוואַנט;
פון אייזיקן פּאָלאַר ביז פלאַמיקן טראָפּיק
פאַרפלעכטן איין ברודערשע האַנט...

## ערקלערונגען.

„אביאקאָ" אַ טיפּיש קובאנער געמיזע.

„אָריענטע" מזרח פּראָווינץ אין קובא.

„באַיאַמא" אַ שטאָט אין אָריענטע־פּראָווינץ.

„בוענאָס־נאָטשעס" אָוונט ־ באגריסונג.

„גוואַמפּערע" אַ מעסער צו שניידן צוקער רערן.

„גואַכיראָ" אַ פּויער.

„גואַנאַוואַנאַ" אַ קובאַנער פרוכט.

„וועדאַדאָ" אַ פאָרשטאָט פון האַוואנא.

„וויקטאָריא דע לאס טונאס" אַ שטעטל אין דער אָריענטע

„טאַמאַרינדאַ" אַ קובאנער פרוכט.

„טיכאנאָ" אַ הוט, וועלכע מ׳טראָגט אין דאָרף.

„מאַיס" קוקורוזע.

„מאנגאָ" אַ קובאנער פרוכט.

„מאַמעי" אַ קובאנער פרוכט.

„מאטשעטע" [קוק גוואמפערע]

„נאראנכע" אפעלסין.

„סאַפרע" שניט ־ צייט פון די צוקער ־ רערן.

„סאַנטאַ-מאַריאַ" הייליקע מאריא.

„סאפאטא" אַ קובאנער פרוכט.

„פלאַטענעס" קובאנער פרוכט.

„קאַר" טראמוויי.

„קאַניע" צוקער ־ רער.

„קאנדעלאריא אקאָסטא" אַ קובאנער פרוי, וועלכע האָט גענייט די באפרייאונגס־פאָן, בעת׳ן ערשטן אויפשטאנד פון קובא קעגן שפאניען, דעם 9־טן אָקט. 1868.

„רעגלא" אַ שטעטל, אָפּגעטיילט פון האוואנא דורך א ים ־ קאנאל.

## באַמערקטע דרוק־פעלערן:

| זייט | שטייט | דאַרף זיין | שורה |
|---|---|---|---|
| 13 | „מאָרגשיין" | „מאָרגנשיין" | 13 |
| 15 | „חעלי" | „העל" | 4 |
| 15 | „צענאַסן" | „צעגאָסן" | 7 |
| 23 | „כיתות" | „כתות" | 8 |
| 27 | „די" | „דן" | 9 |
| 32 | „אנגעבאַטן" | „אָנגעבאָטן" | 6 |
| 33 | „כישוף" | „כשוף" | 2 |
| 34 | „ויך" | „זיך" | 19 |
| 43 | „ווייס" | „ווייעט" | 16 |
| 44 | „ניגון" | „נגון" | 16 |
| 44 | „פלאַטענען" | „פלאַטענעס" | 19 |
| 55 | „קאגדעלאריע" | „קאַנדעלאַריע" | 13 |
| 59 | „אלטישקע" | „אלטיטשקע" | 16 |
| 76 | „שארפע" | „שוואַרצע" | 13 |
| 82 | „פול" | „פול" | 4 |
| 87 | „דעמ" | „דעם" | 14 |
| 108 | „לגויב" | „גלויב" | 12 |
| 110 | „דעד" | „דער" | 3 |
| 110 | „מורח" | „מזרח" | 7 |
| 111 | „אַון" | „און" | 15 |
| 113 | „קאָלירן" | „קאָליר" | 14 |
| 118 | „אַן" | „אָן" | 14 |
| 148 | „ימים" | „ים'ען" | 1 |
| 162 | „און" | „אין" | 15 |
| 162 | „און" | „אין" | 16 |
| 162 | „נעווײנען" | „געווייען" | 16 |

# I
# קובאַ.



# II
# ליריק.

זייט

## III

## אַף ליכטיקע וועגן.

